דר. ל. זשיטניצקי

# י. ל. פרץ -
# פילאָזאָפיש און סאָציאַל







ארויסגעגעבן דורכן
יידישן ליטעראַטן און זשורנאַליסטן־פאַריין
„ה. ד. נאָמבערג"
אין
בוענאָס־איירעס

1950
AÑO DEL LIBERTADOR GENERAL SAN MARTIN

Printed en Argentine
Impreso en la Argentina


*Dr. L. Zhitnitzky*

# "I. L. PERETZ filosófico y social"



BUENOS AIRES, 1950
AÑO DEL LIBERTADOR GENERAL SAN MARTIN

Hecho el depósito que marca la ley 11.723

# י. ל. פּרץ — די התחלה

י׳ ל. פּרץ רעפּרעזענטירט ניט קיין אידעאָלאָגישע גאַנצקייט, אָבער
ער איז דורכאויס אידעאַ־סינטעז. און אידעאַ־סינטעז איז עפּעס אַנדערש,
ווי אידעאָלאָגיע. אידעאָלאָגיע באַגרענעצט זיך אָפטמאָל בלויז מיט דאָג־
מע, — אידעאַ־סינטעז איז דאָס אייביקע זוכן, אין רעזולטאַט פון וואָס
אידייען באַקומען זייער ריכטיקן אויסדרוק און אַנפילונג. און י. ל. פּרץ
איז אין פולן זין פון וואָרט אידייען־אָנפילונג, ס׳איז דאָס כאַראַקטע־
ריסטישע און די דינאַמיק פון זיין שאַפן אין באַווירקן דעם יידיש־שעפע־
רישן פּראָצעס. און י. ל. פּרץ איז געקומען אויף אַזאַ וועג, ווייל אויסער
דיכטער, וואָס לעבט אינעם אינטויִטיוון, איז ער אויך געווען די שאַרף־
דענקענדיקע פּערזענלעכקייט. אין דעם פּרט איז פאַראַן אַ גרויסער אונ־
טערשייד צווישן י. ל. פּרצן און די אַנדערע יידישע דיכטער. און דהיינו:
בעת דער רוב יידישע דיכטער קומען פונעם אינטויִטיוון צום דענקענדיקן,
איז י. ל. פּרץ פונעם דענקערישן באַוועגט געוואָרן צום אינטויִטיוון, —
דאָס דענקערישע איז דער אָנרעגנדיקער פאַקטאָר פון זיין דיכטערישן
פּראָצעס און דאָס דענקערישע איז געוואָרן די טעזע פון זיינע שאַפונגען,
אַרומגעוויקלט און דעטערמינירט אין קינסטלערישע פאָרמולעס.

דאָס כאַראַקטעריסטישע פון י. ל. פּרצעס דענקען באַשטייט אין דעם,
וואָס ער האָט עס אַריינגעפּאַסט אין נאַציאָנאַל־געשיכטלעכע קאַטעגאָריעס
און דאָס האָט צוגעגעבן זיין שאַפן אַ ספּעציפישן כאַראַקטער. ער האָט
ווי אונטערגעפירט אַ סך־הכל פון אַן עבר און אָנגעהויבן אַ נייעם הווה,
וואָס עפנט וועגן צו אַ נייעם עתיד. ער האָט געשטרעבט אויסצופורעמען
אַ ספּעציפיש יידישע דערקענטעניש, באַווירקן דעם יידיש־געשיכטלעכן און
זייענדיקן דאַזיין און אַנטפּלעקן דעם יידישן גייסט ניט בלויז אינעם גע־
שיכטלעכן, נאָר אויך אין זיין געשיכטלעכקייט, — ער האָט זיך גענומען
די גרויסע אויפגאַבע צו פאָרמולירן די פילאָזאָפיע פונעם יידישן גייסט,
ווי ער איז אויסגעדריקט אין די יידישע ספרי־חכמה, און ווי ער האָט באַ־
קומען תיקון אין דער יידישער פאָלקס־נשמה; ער האָט זיך באמת צו

שאַפֿן אַ סינטעז צװישן דער ייִדישער ספֿרים־חכמה און ייִדישן פֿאָלקלאָר,
ס׳ערשטע איז שכלדיקײט אײנגעװיקלט אין פּלפּול, דאָס צװײטע איז פֿי־
לאָזאָפֿישע מעדיטאַציעס פֿונעם פֿאָלק און י. ל. פּרץ האָט ניט בלױז דורכ־
געלײגט אַ בריק צװישן ערשטן און צװײטן, נאָר אױך אַנטפּלעקט זײער
פֿאַרבינדונג און באַהעפֿטקײט.

אויף י. ל. פּרצן האָט משפּיע געװען די ייִדיש־נאַציאָנאַלע געשיכט־
לעכקײט, ס׳האָט געװירקט דינאַמיש און באַגײסטערנדיק אױף זײן גײסט
און איז אױך געװאָרן דער קװאַל פֿון זײנע קינסטלערישע שאַפֿונגען. טאַ־
קע װײל אין איר האָט ער געפֿונען, װי די ייִדישע ספֿרים־חכמה האָט באַ־
װירקט דאָס פֿילן און פֿאַרשטעלונג־קראַפֿט פֿונעם פּשוטן ייִדישן מענטש.
זאָל װער באַהױפּטן, אַז י. ל. פּרץ איז געװען די ערשטע ייִדישע דיפֿע־
רענצירטע בירגערלעכע פּערזענלעכקײט, װעט ער קומען צו נאָנסענס־
אױספֿירן און איבערהױפּט צו אַ טעותדיקן אָפּשאַצן די פּערזענלעכקײט
אין איר גרױס און װירקונג אויפֿן ייִדיש־שאַפֿנדיקן פּראָצעס פֿון דער
ייִדישער גײסטיקער אַנטװיקלונג. פּונקט װי י. ל. פּרץ איז סבֿעמע און
טעזע, אַזױ איז ער אױך אַ קאַרדינאַלער װענד־פּונקט אינעם ייִדישן גײס־
טיקן װעזן, שױן מיט דעם, װאָס ער האָט איבערגעשניטן די פֿאָדים פֿונעם
פּאַסיװן און אַנטפּלעקט די באַװעגנדיקע פֿאַקטאָרן פֿונעם דינאַמישן, —
ער איז דער גרױסער רעװאָלט פֿון דער דענקענדיקער פּערזענלעכקײט, װאָס
זוכט אויף דער באַזע פֿון קינסטלערישע פֿאָרמולעס צו דערגרײכן און דע־
פֿינירן אַ סינטעז צװישן דעם פֿאָלקס־גײסט, װאָס שאַפֿט די געשיכט־
לעכקײט און דעם פֿאָלקס־פֿילן, װי דאָס פֿאָלק נעמט אויף דאָס אָרגו־
מענטירן און זיך פֿאַרשטעלן די נאַציאָנאַל־געשיכטלעכע קאַטעגאָריע. אױס
דעם טאַקע איז י. ל. פּרצעס שאַפֿן דורכגעדרונגען מער מיט אינטעלעקט,
װי מיט אינטויִציע, — ער איז אין זײן שאַפֿן מער דער דענקענדיקער װי
דער פֿילנדיקער און אַ דאַנק דעם איז ער דער גרױסער יחיד, װאָס האָט
דער ערשטער אַרײנגעבראַכט דעם פֿילאָזאָפֿיש־עטישן עלעמענט אין דער
ייִדישער ליטעראַטור און דיכטונג, באַזירט אויף אַ מין אײגנאַרטיקן היס־
טאָריציסטיש־אידעאָלאָגישן ראַציאָנאַליזם. דאָ הײבט זיך אָן דער מאָמענט
פֿון י. ל. פּרצעס אוניװערסאַליזם און באַטראַכט מען עס אױס אַ נאַציאָ־
נאַלן שטאַנדפּונקט, בינדט מען עס מיט י. ל. פּרצעס באַגריף און פֿאַר־
שטעלונג װעגן ייִדישער געשיכטלעכקײט, קען מען אים פֿאַררעכענען פֿאַרן
שעפֿער און פֿאָרמולירער פֿון אַ ייִדישן ראַציאָ־נאַציאָנאַליזם, װי דעם
באַגרינדער פֿון אַ ייִדישן שכלדיק־נאַציאָנאַלן געדאַנק.

און אַנאַליזירט מען י. ל. פּרצעס היסטאָריציסטיש־אידעאָלאָגישן ראַ־
ציאָנאַליזם, גלײך װי מ׳באַטראַכט זײן ראַציאָ־נאַציאָנאַליזם, קומט מען צו
די כאַראַקטעריסטישע שטריכן װאָס האָבן געמאַכט רעליעף זײן דיכטע־
ריש־שאַפֿערישן פּראָצעס. די הױפּט־שטריכן און כאַראַקטעריסטישע סי־

מנים זיינען: 1) רמזימדיקייט, 2) סימבאליק, און 3) פראבלעמאטיק. און די אלע עלעמענטן זיינען ניט א צופעליקייט, נאר זיי דרינגען ארויס פון א באשטימטן עצם. פונקט ווי ער האט געזוכט צו דערגרונטעווען דעם פונדאמענט, אזוי האט ער געזוכט אויך צו שאפן די ארכיטעקטאניק און געשטרעבט אויפצושטעלן די קאנסטרוקציע פונעם בנין. און יעדער איינער פון די דערמאנטע סימנים האט זיין אנצייכנונג ממלא צו זיין א פעלנדיקע פונקציע אין דער יידישער געשיכטלעכקייט. דאס רמזימדיקע דארף ממלא זיין דאס מיטאלאגישע,—ביי י. ל. פרץ איז עס געווארן די פאלקסטימלעכע מעשה,— די סימבאליק פארנעמט ביי אים דאס ארט פון דער מיסטיק און ערשט ווען ס'איז פאראן די פארם און אינהאלט פונעם מיטאלאגישן און מיסטישן,—שטופן, וואס יעדער פאלק מאכט אדורך אויפן וועג פון זיין אנטוויקלונג, אין זיין שטייגן פון פרימיטיווקייט צו א גייסטיקן זיין, קומט דאס געשיכטלעכע. אן מיטאלאגיע און מיסטיק איז זיך ניט פארצושטעלן דאס ריכטיק-געשיכטלעכע, ס'זיינען די אומבאדינגטע פאזן און געשיכטע איז ניט בלויז אן ענין פון באשרייבן און דערציילן, נאר ס'איז מער אן ענין פון פראבלעמאטיק און דעטערמינאציע. י. ל. פרץ האט עס אזוי געזען און פארשטאנען און ס'איז געווארן די הוספה צו זיין פארמול וועגן דער יידישער געשיכטלעכקייט: פארמולירנדיק די פילאזאפיע פונעם יידישן גייסט האט י. ל. פרץ אויך אנגעצייכנט די קאנטורן פאר א פילאזאפיע פון דער יידישער געשיכטע און איבערהויפט פון דער יידישער געשיכטלעכקייט.

אויף אזא שטייגער האט י. ל. פרץ ארייגעבראכט א נייעם טאן אין דער אנטוויקלונג פונעם יידישן געדאנק און גייסט און אויף א גאנץ נאטירלעכן שטייגער האט עס געווירקט, אז דער פראצעס פון זיין ליטעראַרישן און דיכטערישן שאפן זאל זיך באזירן אויף א גאנץ נייער טעמאטיק, ווי אויך פארשטעלן אין דער טעמאטיק גאנץ נייע פערסאנאזשן און שיכטן, וועמענס זין פון זיין און לעבן איז פארבינדן מיט א באשטימטן יש און שטרעבונגען. ביז י. ל. פרצן האט מענדעלע, דער זיידע פון דער יידישער ליטעראטור, גערעדט בלויז וועגן דער „כנסת ישראל" און זי באטראכט ווי א מין אמארפען ארגאניזם, וואס ווארט אויף דעטערמינירטקייט. שלום־עליכם ווידער האט פרעזענטירט מענטשן, וואס האבן באקומען אן איינענע שפראך און זיינען געווארן מיט אמאל בארעדעוודיק, — ניט ביים ערשטן און ניט ביים צווייטן געפינט מען א סימן פון פאלק, ווי א באשטימטע נאציאנאלע און געשיכטלעכע קאטעגאריע, דאקעגן ביי י. ל. פרצן רעדט שוין דורך מענטש דאס פאלק, רעדט ניט אין א טאן פון כנסת־ישראלדיקייט און ניט אין א טאן פון בארעדעוודיקייט, נאר דענקעריש און סאציאל־דיפערענצירט. מענדעלע און שלום־עליכם האבן קאנסערווירט די גאנצקייט, בעת י. ל. פרץ שפאלט די יידישע עדה, — פון איין זייט

קען ער אַרויסווייזן יראת־הכבוד און באַציִונג צום מענטש פון דער ספרימ־שער חכמהדיקייט, צום „בר־אורין“, אָבער אין דער זעלבער צייט קען ער אויך לאָזן הערן אַ מעכטיקן פּראָטעסט פונעם פּשוטן מענטש, וועמען דאָס לעבן און אומשטענדן האַלטן אין אַ בעוולהטקייט. י. ל. פּרץ ברענגט עס ניט אין אידייִשער אָדער אידעאָלאָגישער אויסגעקריסטאַליזירטקייט, דאָך ניט צוליב דעם, ווייל ער האָט ניט געוואָלט אָדער ניט געקענט זען די אי־דייִשע אויסוויקלונג און אידייִשע באַזע פונעם פּראָטעסט, נאָר ווייל דאָס לעבן אַליין איז נאָך געווען כמעט נאַקעט און דער פּראָטעסט איז געווען מער אַ שטומער, ווי אַ שטורמיש־רעדנדיקער, — ער איז געווען אַ רעזול־טאַט פון אַ דערוואַכטן אינערלעכן אומרו און ניט אַ רעזולטאַט פון אַן אידייען־קאַמף אָדער אידייען־דיפערענצירטקייט, הגם י. ל. פּרץ גופא האָט שוין גוט געמערקט, אַז דער קאַמף הייבט זיך אָן און ווערט באַ־גלייט פון אַן אידייען־דיפערענצירונג, אויסגעדריקט אין אַ באַשטימטער סאָציאַלער פאָרם, — אַ פאָרם פון אַ נאַציאָנאַלן רעוואָלוציאָניזם. און די פאָרמען, ווי דעם אינהאַלט פונעם נאַציאָנאַלן רעוואָלוציאָניזם האָט ער געזוכט ניט אין אַן אויסערלעכער וועלט, ניט ביי די אומות־העולם, נאָר דירעקט אין די קולטור־אוצרות פון דער נאַציאָנאַל־יִדישער פאַרגאַנגענ־הייט. און טאַקע ווייל י. ל. פּרץ האָט ליב געהאַט דאָס פאָלק און באַזונ־דערס דעם פּשוטן מענטש, האָט ער זיך געשטעלט די פראַגע און ס'איז געוואָרן ממש זיין לעבנס־שטרעבונג מחנך צו זיין דעם פּשוטן יִדישן מענטש און דאָס פאָלק צו אַ קולטור־זיין. דעריבער האָט ער גע־ווענדט זיינע בליקן צו דער היסטאָרישער קולטור פון דער יִדישער נאַציע. ער איז אויסן געווען פון איין זייט „פונאַנדערצושפּרירן די דאָזיקע קול־טור פון תלמידי־חכמים“, באַפרייען זי פון איר „סיסרא־תורהדיקייט און זי איבערדיכטן פאַר די עם־ארצים“, פאַר די פאָלקס־מאַסן. פון דער צוויי־טער זייט ווידער האָט ער געשטרעבט צו פאַרשענערן די „נאַקעטע“ באַ־גערן און שטרעבונגען פון די יִדישע מאַסן, פאַרבינדנדיק זיי דורך אַ „גאָלדענער קייט“ מיט די יִדיש־פרייהייטלעכע אויפברויזן פון די מאַסן אין דער פאַרגאַנגענהייט. און אָט אויף דעם וועג ווערן נאַטירלעך און פאַר־שטענדלעך אויך די מיסטישע עלעמענטן אין זיין שאַפונג־פּראָצעס.

אין אַ געוויסער מאָס איז עס ביי אים אויך געווען פאַרבינדן מיט אַ באַ־שטימטן ווענד־פּונקט אין זיין דיכטערישער מענטאַליטעט: ס'איז געוואָרן ביי אים אַ פּראָבלעם פון המשכדיקייט און ער האָט ריכטיק פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט, אַז המשך האָט אַ תיקון און קיום בלויז דעמאָלט, ווען ס'וואָרצלט דירעקט אינעם פאָלק און ווערט אויסגעדריקט אין דער גע־רעדטער שפּראַך פונעם פאָלק, — אויף דער באַזע איז אויסגעוואַקסן פּרצעס ליבע און קולט צו יִדיש און יִדיש איז געוואָרן פאַר אים אידייע און פּראַקטיק פון יִדיש־נאַציאָנאַלן זיין און באַוווסטזיין.



די פערזענלעכקייט איז א פועל־יוצא פון סביבה און צייט, אבער
אויף י. ל. פרצן קען מען עס אנווענדן בלויז טיילווייז, מיט א געוויסער רע־
זערווירטקייט. זיין טחילותדיקע סביבה: אין די קינדער־ און יוגנט־יאָרן
דאָס חסידישע שטיבל, ווו ס'האָט געהערשט דער גייסט פונעם מיטלאַל־
טערלעכן בית־מדרש־ספרימדיקן וועלט־באַנעם. אין זיינע עלטער־יוגנטלעכע
יאָרן געפינט ער א תיקון אין דער תלמודיש־קבלה'יסטישער און רעליגיעזער
ליטעראַטור. אריבער פון יוגנט צו רייפקייט און איבערהויפּט אין די על־
טערע יאָרן שטויסט ער זיך צוזאַמען מיט א קולטור, אויפגעוואַקסן אין די
קרייזן פון דער פוילישער און פויליש־יידישער אינטעליגענץ. די אינטע־
ליגענץ האָט אריינגעבראַכט דעם גייסט פון קריטיק און אומרו־אומצופרידנ־
קייט קעגן די דעמאָלט־הערשנדיקע סאָציאַלע פאָרמען און פאָליטישע פאַר־
העלטענישן. י. ל. פרץ האָט זיך גלייך באַהעפט און אויפגענומען אין זיך
דעם גייסט פון דער אינטעליגענץ, איז דורכגעדרונגען געוואָרן מיטן גע־
פיל פונעם קריטישן, וואָס האָט ביי אים, אָנגעווענדט אויפן יידישן זיין,
אָנגענומען א כאַראַקטער פון א מוסר־השכלדיקן און רעוואָלוציאָנערן
אויפברויז, אָבער ס'האָט זיך דערהויבן אין אים צו א גאַנצקייט, צו א
שלימותדיקייט, און ס'האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט זיין אומרו, פאַרור־
זאַכט אַן אינערלעכן געראַנגל מיט זיין אייגענעם „איך" און אין געוויסע
מאָמענטן אים דערפירט צו נשמה־צעריסנקייט. פון איין זייט האָט ער
ניט געקאָנט זיך באַפרייען פון זיין פאַרגאַנגענהייט, ביי אים פאַרבונדן
מיט נאַציאָנאַלער באַקענטעניש, און פון דער צווייטער, איז געווען גרויס
זיין ווילן און ווונטש מקרב צו זיין דאָס נאַציאָנאַל־יידישע צו דער
וועלט־קולטור, ארויספירן דאָס נאַציאָנאַל־יידישע אויף ברייטע אוניווער־
סאַלע וועגן. און דער קאַמף האָט אים ניט אָפּגעלאָזט זיין גאַנץ לעבן.
ס'איז געווען דער קאַמף פון ייד און מענטש, אויך אין דעם דאַרף מען זוכן
די סיבות פון זיין אידעאָלאָגישער צעריסנקייט, און, אָפּהענגיק פון דעם
וואָס פאַר א געפיל ס'האָט אין אײנעם אָדער א צווייטן מאָמענט אים
גובר געווען, איז אויך פון דעם געוואָרן אָפּהענגיק זיין באַוווסטזיין־גע־
נויגטקייט, — אָדער ס'איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון א קאָנסערוואַ־
טיוו־פאָרמאַליסטישן, אָדער ס'האָט ביי אים אָנגענומען א רעוואָלוציאָ־
נער־אידעאָלאָגישע פאָרם. אין אייניקע פאַלן האָט זיך דאָס קאָנסערוואַ־
טיוו־פאָרמאַליסטישע מצטרף געווען ביי אים מיט נאַציאָנאַל־רעליגיעזער
אָפּאָלאָגעטיק אָדער גאָר מיט אַן אינטעליגענטישן אינדיווידואַליזם, דורכ־
געדרונגען מיט סאָציאַל־אַנאַרכיסטישער בונטאַרישקייט, דאָך זיינען אין
אַלע אומשטענדן ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרן זיינע סימפּאַטיעס צום
פּשוטן מענטשן, צום אַרבעטער. אויס אַזעלכע סימפּאַטיעס איז ער געקו־

מען צום הומאניסטישן, מיט באזונדערער איבערצייגונג און קרעפטיקייט אויסגעדריקט אין אזעלכע זיינע דערציילונגען, ווי „דער משולח״, „שלום־בית״, „אן מזל״, „אויב ניט נאך העכער״ און דאס הומאניסטישע האט אין אים זיך אפט פארוואנדלט אין א פאראכטונג צו דער פארשקלאפע־רישקייט; אין א פראטעסט און גלויבן אין דער נייטיקייט פון קאמף, וואס זאל פירן צו א באפרייערישן זיג. ס׳ערשטע געפינט מען אין זיין אייגנ־ארטיקער טיף־סאציאלער און דורכויס־פילאזאפישער סקיצע „באנטשע שווייג״, צו דער צווייטער געהערן די דערציילונגען „מוסר״, „דער שטריימל״, „די פרומע קאץ״ און די דראמע „אין, פאליש אויף דער קייט״ און דאס קעמפערישע דריקט ער אויס אין זיינע לידער „צוויי ברידער״, „ציריק־צירוק״, „אראפ פון וועג״, און „דער אייביקער פרידן אין ערגעץ־לאנד״.

דאס הומאניטארישע פארנעמט א וויכטיקן ארט אין י. ל. פרצעס שאפן און ס׳האט אין געוויסע הינזיכטן געווירקט ער זאל זיך שטעלן קעגן דעם רבניש־סכאלאסטישן און משכיליש־דאגמאטישן, — אינעם פעריאד פון זיין שאפן אין העברעיש שטעלט ער זיך אויף א רעאליסטישן באדן און ברענגט אריין אין דער העברעישער דיכטונג פון יענער צייט דעם סאציאלן מאטיוו. אין זיין העברעישן ליד „לי אומרים״ דיכטעט י. ל. פרץ:

„מע זאגט מיר, אז אייביק וועלן מאסן זיין אונטערן דרוק פון געלט און יחוס, קנעכט און הארן וועלן קיינמאל ניט אויפהערן, אייביק וועלן זיך גיסן טייכן מענטשלעך בלוט פאר א שטיקל ערד, אייביק וועט הערשן צווישן מענטשן קנאה און שנאה, און דאס יידישע פאלק וועט שוין אייביק זיין אונטערדריקט, וועט שוין קיינמאל קיין קאפ ניט אויפהייבן, — אזוי זאגט מען מיר, נאר ס׳איז ניט ריכטיק. איך גלויב, אז די אוראלטע פיאוועס וועלן באקומען זייער קבר, די נאכט וועט פארשווינדן, אין מזרח זעען זיך שוין באגינען־שטראלן, דארט שוועבט שוין די זון אין א ליכט־טייך ווי אין א טייך פון בלוט״.

דער גאנצער פעריאד פון י. ל. פרצעס העברעישן שאפן איז דורכ־געדרונגען מיט סאציאלע מאטיוון, און ס׳פעלט ניט דארט אויך דער נאציאנאל־עטישער טאן. אונטער דער השפעה פונעם סאציאלן ווידער ווערט אים קלאר די אויפגאבע און גורל פונעם דיכטער. אין זיין ליד „חנה״ זאגט י. ל. פרץ:

„עס קען זיך קיינמאל ניט פרייען דער דיכטער אין זיין לעבן. זיין זעל איז פארביטערט, זיין גייסט איז געקלעמט... יעדער טרויער און פיין איז זיין טרויער און פיין. אזיב ער פארמאגט נאר א פילנדיס הארץ און א ועגנדיק אויג... אין זיין הארצן געפינט אן אפקלאנג יע־

דער פיין־געשריי, יעדער קרעכץ. און נאָר מיטלייד און רחמים דער־
וועקט ער אינעם הארצן פון זיינע לייענער. דאָס איז דער באַגער און
ווונטש פונעם דיכטער... איר, איינוווינער פון די פּאַלאַצן און גאָלד־
זעק, צי ווייסט איר, וואָס הייסט נויט? צי פאַרשטייט איר, וואָס איז
הונגער? איר קענט ניט די אָרימע און זייער פּיין, איר רופט זיי
„פוילע"... אין אייער אויסגעלאַסנקייט און צעלאָזנקייט פאַרפירט
איר די טעכטער פונעם פּראָסטן פּאָלק".

אין זיין העברעיִשן ליד קריטיקירט ער שאַרף דעם גוט־יִידישן, דעם
צדיקישן פּאַראַזיטיזם. אין דער באַלאַדע „בית שומם" געפינט מען אַן
אַפּעלירן צום געוויסן און אַ פּראָטעסט קעגן דעם אומרעכט, וואָס דער
רייכער באַגייט צום אָרימאַן. ס'זיינען אַלץ די מאָטיוון, וואָס האָבן דער־
נעענטערט י. ל. פּרצן צום פּשוטן פאָלק און ס'איז אויך איינער פון די
מאָטיוון, פאַרוואָס י. ל. פּרץ האָט זיך אָפּגעזאָגט פונעם העברעיִשן און
אַריבער צו יִידיש, — די אידייע איז געוואָרן אַ פּראַקטיק, — אַ פּעריאָד,
אין וועלכן י. ל. פּרץ שטעלט זיך פולשטענדיק צו דינסט דעם פּשוטן
פאָלק, דעם אַרבעטער, צו דינען אים מיט אויפקלערונג און וועקן אין אים
זיין סאָציאַלן באַוווּסטזיין, — ס'איז דער פעריאָד פון די „יום־טוב־בלעט־
לעך", וואָס איז געוואָרן אַן עפּאָפּייע ניט בלויז אין י. ל. פּרצעס דיכ־
טעריש־שאַפערישן פּראָצעס, נאָר אויך אינעם גאַנצן יִידישן לעבן אין אַל־
געמיין".

* * *

„מיט אַלטע תלמודיסטן און בורזשואַזיע איז גאָרנישט צו
מאַכן, פון זיי איז ניטאָ וואָס צוריידן, נאָר די אַרבעטער־מאַסע
איז אַ פעלד צו אַרבעטן, מע דאַרף זיי בילדן, מע האָט זיי פאַר־
נאַכלעסיקט".

די ווערטער האָט י. ל. פּרץ געהאַט געזאָגט צו זיין יוגנט־פריינט
יצחק אשכנזי און ס'איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם פעריאָד, ווען י. ל.
פּרץ איז פונעם אַבסטראַקט־הומאַניטאַרן אַריבער צום קאָנקרעט־סאָציאַלן.
ס'איז אויסער ספק, אַז ער האָט געהאַט אַ געוויסע באַציונג צו דער קול־
טור פון דער בורזשואַזיע, אָבער ער האָט אויך געזען מיט קלאָרע אויגן
און טיפן פאַרשטאַנד, אַז די בורזשואַזיע איז שעדלעך, ווייל איר קול־
טור דינט ניט צום בעסער מאַכן די מענטשהייט און וועלט, נאָר דווקא
צום פאַרגרעסערן די עקספּלואַטאַציע און אומרעכט. י. ל. פּרץ האָט זיך
אַנטוישט אין דער בורזשואַזיע און ס'האָט אים געשטויסן זיך שטעלן
נאָענט צום עקספּלואַטירטן מיט דער אויפגאַבע צו פאַרשפּרייטן קולטור
צווישן דעם פאָלק, איבערהויפּט צווישן דער אַרבעטער מאַסע. ערשטנס

זאָל דאָס פאַרשפּרייטן פון קולטור דינען צום אויפקלערן די מאַסע זי זאָל באַגרייפן דעם עצם פונעם געשעענדיקן אומרעכט, — די קולטור זאָל דינען דער אַנטוויקלונג פונעם באַוווּסטזיין און ווערן אַ געווער אינעם קאַמף קעגן דעם סאָציאַלן אומרעכט.

ס'איז קלאָר, אַז י. ל. פּרצעס שאַפן דאַרף מען באַטראַכטן אין צו־זאַמענהאַנג מיט די קאָנקרעטע סאָציאַלע דערשיינונגען פון יענער עפּאָ־כע, ווען פון איין זייט איז געשטיגן די מאַכט און קראַפט פונעם קאַפּי־טאַליזם און פון דער צווייטער האָט זיך אַלץ מעכטיקער אַנטוויקלט די רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע באַוועגונג י. ל. פּרץ האָט ניט איבערגע־ריסן דעפיניטיוו מיטן בירגערלעכן שיכט און האָט זיך ניט דעפינירט אַב־סאָלוט און אַנטשיידן פאַרן צווייטן צד, ער געפינט זיך אויף אַ שייד־וועג צווישן ערשטן און צווייטן שיכט, דאָך מיט מער נייגונג צו דער אַר־בעטער־מאַסע און אַ שאַרפער קריטיק קעגן דעם בירגערלעכן מענטש. באַ־זונדערס שטרייכט ער עס אונטער אין זיין ראַדיקאַל־העברעיִשן ליד „החץ", ווו ער טרעט אַרויס מיטן אָנזאָג פון קאַמף און מיט אַ ווילן צו באַווירקן דעם באַוווּסטזיין פונעם לייענער:

„איך בין ניט געקומען צו דיר שמועסן געמיטלעך און פאַר־ווײַלן, איך וויל ניט געבן קיין שלאָפמיטל פאַר דיר, ניט קיין באַ־קאַל ווײַן אויף צו דערטרינקען אין דעם דיינע דאגהות, אָדער דיינע לעצטע מינוטן, וואָס דו האָסט ניט פאַרברענט צום אָפגאָט פון לעבן. איך וויל פאַרקערט, אַרויפגיסן מיין גייסט אויף דיר און געוועלטיקן אויף דיר. איך וויל צעזעצן דיין האַרץ, צעשפּאַלטן דיין מוח, אויפרודערן אַלע דיינע נערוון און אָפּרויבן דיין שלאָף... איך וויל מיט גוואַלד אויפרייסן דעם שלייער פון דיינע אויגן, צו־געבן ביטערניש אין דיין טרויער, מיט אַ גלאָקן־קול וועקן דיין געוויסן. דאָס איז מיין באַגער און ווילן..."

דערקלערנדיק אַן אָפענעם קאַמף, האָט י. ל. פּרץ זיך געווענדט צו דער אינטעליגענץ און זי אויפגעפאָדערט צו אַרבעטן פאַרן פאָלק, אָבער מיט אַ תנאי, אַז אין דער זעלבער צייט זאָל געהאַלטן ווערן אין דער האַנט די אַלגעמיין־מענטשלעכע פאָן. אויף וויפל ער האָט ניט פאַרלייקנט די נאַציאָנאַל־ייִדישע פּראָבלעמען, איז ער אין דער זעלבער צייט אויך געווען קעגן אַ ייִדישן סעפּאַראַטיזם, ווי ער אַליין האָט זיך וועגן דעם געהאַט אויסגעדריקט, — „מיר ווילן ניט זיין קיין שאָוויניסטישער ווילד־קרויט, קיין פאַנאַטישע דערנער..." און האָט געפאָדערט „זייען ריין־מענטשלעכע אידייען, ריין־מענטשלעכן געפיל און וויסן". י. ל. פּרץ האָט געגלויבט, „אַז דער צוקונפטיקער אַלגעמיינער שפּייכלער וועט שפּייזן אַלע הונגע־ריקע צו גלייך, מיר גלויבן, אַז געוויטער, שטורעם און רעגן מוזן פאַר־בייגיין. עס מוז קומען די צייט, אַז די ערד וועט אונדז געבן די קראַפט,

די הימל־וואַרעמע ליכט, און מיר ווילן ניט, אַז אין שניטער צייט זאָל אונ־דזער פאָלק שטייען פונוויייטן. מיר ווילן אויך אריינפירן אביסל קאָרן און ווייץ אין אלגעמיינעם שפייכלער אריין!"

אין אַזעלכע ווערטער האָט י. ל. פרץ אויסגעדריקט זיין רעאַקציע קעגן דער דעמאָלטיקער חבות־ציון־באַוועגונג. ער האָט איינגעזען, אַז די באַוועגונג ציט אָפּ די אויפמערקזאַמקייט פון דער יידישער מאַסע פון אירע וויטאַלע אינטערעסן אויפן אָרט און באַזונדערס שאַרף איז ער גע־ווען קעגן דעם אחד־העמיזם פאַר זיין מעטאַפיזיש־אידעאַליסטישן קוק אויף דער ווירקלעכקייט. קעגן דעם האָט י. ל. פרץ אַרויסגערוקט אַ פּאָזי־טיוו־אוטיליטאַריסטישן קוק אויף זאַכן און ווירקלעכקייט און איז געווען קעגן יעדן קאָמפּראָמיס, קעגן יעדן פשרהדיקן פרידן. ער האָט געוואָלט אויפרודערן און האָט אָפן דערקלערט:

„פאַר שלום האָב איך מורא! פאַר שטילקייט ציטער איך אימת־מות! שלום און שטילקייט איז אויפן קברות... שלום איז נאַכט און טויט..."

י. ל. פרץ האָט פּראָקלאַמירט קאַמף, געשטיצט אויפן פּאָזיטיוו־אוטי־ליטאַרן און אויף דעם האָט ער פאַרווירקלעכט אין אַ פּראַקטיק זיין אידייע וועגן די „יום־טוב־בלעטלעך", דינען מיט דעם פאַר דער אויפקלערונג און זייען קולטור צווישן דעם אַרבעטס־מענטש און פּשוטן פאָלק.



מיט די „יום־טוב־בלעטלעך" איז י. ל. פרץ אויסן געווען צו דער־גרייכן אַ צווייענדיקע אויפגאַבע, — אַ געזעלשאַפטלעכע און אַ קולטורעלע. פון איין זייט דער קאַמף קעגן דער געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך געהאַלטן שטאָל און אייזן ביים מיטלאַלטערלעכן פאַנאַטיזם און פון דער צווייטער זייט דער קאַמף קעגן די אַלע, וואָס האָבן זיך אינעם יידישן נאַציאָנאַלן פּראָבלעם פאַרבונדן מיטן קלעריקאַליזם, איינשפּאַרנדיק דאָס נאַציאָנאַלע אין די ד' אמות פונעם רעליגיעזן. ס'איז געווען אַן אַבסאָלוטער גאַנג צו רעאַקציע און צוליב דעם האָט י. ל. פרץ שאַרף קריטיקירט די חובבי־ציון־באַוועגונג, קעגן דעם האָבן רעוואָלטירט זיין געוויסן און באַוואוסטזיין. ער איז אויך געווען קעגן דעם, אַז דאָס יידישע קולטור־לעבן זאָל זיך באַ־גרענעצן מיט די ד' אמות פונעם יידישן תחום, — ער האָט געוואָלט, דאָס יידישע קולטור־לעבן זאָל אַרויסגעפירט ווערן אויף די ברייטע און ווייטע אַלמענטשלעכע וועגן, אָבער ניט אויפן חשבון פון אַ יידישער אַסימילאַציע, נאָר דווקא, אַז ס'זאָל באַפעסטיקט ווערן דאָס נאַציאָנאַלע, דאָך ניט אינעם אופן פונעם רעליגיעזן אָדער אַנדערער רעאַקציע, נאָר ווייטגייענדיק צום פּראָגרעסיוון, — ער האָט געשטרעבט און געטרוימט וועגן אַ סינטעז פּר־

נעבו סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן, — אין די „יום־טוב־בלעטלעך" האָט י. ל. פרץ זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו דערגרייכן דעם סינטעז צווישן דעם סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן. און מיט אַ כיוון האָט ער צוגעגעבן דאָס וואָרט „יום־טוב", ערשטנס טאַקע ווייל ווען קען זיך פאַרגינען אַ פשוטער מענטש צו לייענען עפּעס, אויב ניט אין אַ יום־טוב? און צווייטנס צוליבן אַנטי־קלעריקאַלן קאַמף. י. ל. פרץ האָט זיך ניט פאַרנומען מיטן אידעאַליזירן דעם יום־טוב־שטייגער, נאָר ער האָט אַראָפּגעריסן פון יום-טובים זייער רע־ליגיעזן שלייער, און וואָס מ'האָט די יום־טובים איינגעוויקלט. ס'דרינגט אַרויס קלאָר פון זיין אַנטיקלעריקאַלער סאַטירע „די נאַכט־וועכטער", פון זיינע „עשרת הדיברות מיט אַ פירוש פון אַ קליין מענטש" און דער עיקר פון זיין אַנטיקלעריקאַלן ליד „הושענה" און נאָך אין אַ סך אַנדערע זיינע שאַפונגען געפינט מען מאָטיוו געווענדטע דירעקט קעגן דעם גלויבן און רעליגיעזע איינבילדונגען.

י. ל. פרץ האָט דאָס רעליגיעזע באַטראַכט אויס אַ סאָציאַלן שטאַנד־פּונקט און ס'איז געווען זיין גרויסע עובדא צו וועלן אַריינטראָגן קלאָר־קייט אין דער פראַגע. דערביי האָט ער דעם ענין פאַרגעשטעלט, ווי אַ גרויסער און טיפער בעל־שכל. ווען ער זאָל תחילת געווען האָבן געקומען צו דער מאָסע מיט אַבסאָלוטער כפירה, וואָלט עס ניט געהאַט קיין דער־פאָלג און זיין אויפגאַבע וואָלט ניט דערגרייכט דעם ציל צו פאַרשפּרייטן אויפקלערונג און קולטור. ס'איז אים געווען וויכטיק אויפצודעקן, ווי אַזוי פרומקייט ווערט אויסגענוצט, ווי אַ מיטל צו עקספּלואַטירן בעת רעליגיע איז געוואָרן אַן אַבסאָלוטע צביעות און מיטל פונעם עקספּלואַטירנדיקן, — שוין אין דעם גופא איז געווען אַ גרויסע אַפּיקורסות. און דאָס אַפּיקור־סישע איז געווען ביי אים אַ ציל, דער ציל פונעם גרויסן און אָרגאַנישן אידעאַליסט, וואָס האָט געפאָדערט יושר און ס'איז געוואָרן ביי אים אַן אָנרעגונג אויך צום רעוואָלוציאָנערן, פאָרמולירט אין זיין אַרטיקל „די נייע באַוועגונג" אין דער אויסגאַבע „האַמעגטאַש":

„די אַלטע טיטטעם פּלאַצט... איבערן מזבח פון שוויים און בלוט הייבט זיך די האַק... דערשראָקענע גלחים אַנטלויפן צו די טישלעך אַנקלאַפּן צו רחות, טייל ווילן אויפוועקן די גריכישע געטער, באַנייען דעם אָלימפּ, אַנדערע ווילן פאַרגיסן דעם וואָרעם מיט אַ שלאָף־געטראַנק, מיט בודיזם, נאָך אַנדערע שלעפּן און ציען צום גאָלדענעם פאַנטאָפעלע אין רוים, נאָר די האַק לאָזט זיך אַלץ נידריקער און נידעריקער אַראָפּ, און דער מזבח וועט הייגט־מאָרגן צעשפּרינגען אין דער לופטן... און דעמאָלט וועט אונדז, דוכט זיך, אויך גוט זיין".

י. ל. פרץ האָט געהאַט אויג אויף דער רעאַקציע. ער האָט פאַרמאָגט דאָס שאַרפע וואָרט צו קריטיקירן די רעאַקציע, זי פאַרשטעלן אין איר ריכ־

טיקן בילד, אין איר רעאַליטעט און קאָנקרעטקייט און ס'זיינען די מאָטיוון, וואָס האָבן אים אָנגערעגט צום וועלן אָנפילן און באַרייכערן דאָס ייִדיש־נאַציאָנאַלע מיט אַ סאָציאַלן אינהאַלט, ס'דערנענטערן צום אַלגעמיין מענטשלעכן, דורכויס עם פּאַרוועלטלעכן. דעריבער האָט ער זיך געווידמעט צום פּאָפּולאַריזירן פּאַרן ייִדישן פשוטן מענטש די פּאַרשיידענע פּראָבלעמען פון סאָציאָלאָגיע, פּסיכאָלאָגיע און די נאַטור־וויסנשאַפטן. אין דעם פּרט האָט י. ל. פּרץ אויסגעפילט אַ גאַנצן פּאָלקס־אוניווערסיטעט ביי ייִדן. איז ניט געווען ווער ס'זאָל עס טון, האָט ער אַליין גענומען אויף זיך די אויפגאַבע, ווייל ער איז אויסן געווען אויסצוברייטערן די אידעאָלאָגיש־באַגרענעצטע און אינסטרוירנדיקע האָריזאָנטן פון דער ייִדישער סביבה. און ס'איז כדאַי אונטערצושטרייכן: זיינע פּאָפּולאַריזאַציעס פון דער נאַטור־וויסנשאַפט האָבן געהאַט אַן אויסגעשפּראָכן־מאַטעריאַליסטישן כאַראַקטער, בעת אינעם פּאָפּולאַריזירן די סאָציאָלאָגיע האָט ער דורכגעפירט אַ פּאָזיטיוויסטיש־אידעאָלאָגישן און עטישן שטאַנדפּונקט. וואָס שייך דער נאַטור־וויסנשאַפט האָט ער באַהויפּטעט, אַז „די וועלט מיט דעם מענטשן באַוועגן זיך אָן אויפהער" און אין זיין אַרטיקל וועגן סאָציאָלאָגיע, וואָס טראָגט דעם טיטל „אונדזער מוסר" שטעלט ער זיך דעם ציל צו דערווייזן, אַז „מאָראַליטעט איז אַ געפיל, וואָס הייסט דעם מענטש אוועקגעבן זיין אייגענעם ווילן פאַר יענעמס טובה וועגן אָדער לטובת הכלל".

אין אַלגעמיין גענומען איז י. ל. פּרץ קיינמאָל ניט געבליבן שטיין אויף אַ פּאַרגליווערטן פּונקט. ער האָט אַלע מאָל געזוכט אַ וועג צו די נייע סאָציאַלע כוחות, — אויף דעם וועג האָט ער זיך דערנענטערט צום אַרבעטער־קלאַס, פּראָקלאַמירנדיק ביי ייִדן דעם פּרינציפּ פון אַרבעט און זיך פּראָלעטאַריזירן אַנשטאָט צו עמיגרירן, — „צי עס איז ניט גלייכער אַריינצוגיין ביי אונדז אַרבעטן אין אַ פּאַבריק ביי אַ קלעגערן, נאָר אַ זיכערן לוין", — שרייבט י. ל. פּרץ אין זיין אַרטיקל „דאָס ליכטל" און דער גאַנצער אַרטיקל איז דורכגעדרונגען מיט רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט און געדאַנק. דערביי ניט ער שוין אויך אַ כאַראַקטעריסטיק פונעם קאַפּיטאַליזם, באַמערקנדיק, אַז דער קאַפּיטאַליזם איז גאַנץ ווייט פונעם נאַציאָנאַלן, טאַקע ווייל ער איז פּאַרינטערעסירט בלויז אין זיינע פּאַרדינסטן.

„מיר וווּנדערן זיך ניט! מיר ווייסן, אַז האַנדל און אינדוסטריע זיינען אַ פּאַר־פּאָלק, וואָס ווייסן נישט און ווילן ניט ווייסן פון ווע־מענס אָדערן עס שפּריצט זיי דער פּאַרדינסט".

*
* *

די טעמאַטיק און די נייע פּערסאָנאַזשן, — ס׳איז דאָס הויפּטזאַכ־
לעכע, וואָס דאַרף גענומען ווערן אין באַטראַכט ביים אָפּשאַצן און אויפ־
קלערן די י. ל. פּרץ־פּערזענלעכקייט. סיי זיין טעמאַטיק און סיי זיינע נייע
פּערסאָנאַזשן האָבן בוכשטעבלעך אַריינגעבראַכט אַ רעוואָלוציע אין דער
יִדישער ליטעראַטור און דיכטונג. אין דער ערשטער ריי האָט י. ל. פּרץ
געפאָדערט, אַז ליטעראַטור און דיכטונג, ווי איבערהויפּט די קונסט, זאָלן
דינען צו אוטיליטאַרע צוועקן. דערצו האָט ער געפאָדערט אידייע און אי־
דעיִשקייט אין דער ליטעראַטור. ער האָט געפאָדערט דער שרייבער און דיכ־
טער זאָלן רעאַגירן אויף די אַקטועלע דערשיינונגען פונעם לעבן, — „וואָלטן
כאָטש אונדזערע שרייבער געהאַט אַן אידייע״, האָט ער געשריבן, — „אין
וועלכער זיי וואָלטן זיך פאַרליבט״, פאַר וועלכער זיי וואָלטן דאָס לעבן גע־
שטרעקט, ביזן לעצטן טראָפּן זיך געראַנגלט, אַן אידעאַל, וואָס וואָלט זיי
געגעבן כוח, דערפרישט דאָס פוילע בלוט, די אַלטעביינער... דאָס האָבן
זיי ליידער נישט!״ אויסן זעלבן האָט ער געמאַכט מענדעלען פאָרוווּרפן פאַר
זיינע העברעיִשע דערציילונגען „בימי הרעש״, און „בימים ההם״, — ער
האָט באַוווּנדערט מענדעלעס רייכע שפּראַך, אָבער ער האָט אים ניט גע־
קענט מוחל זיין, וואָס אין דיביידע דערציילונגען ווערט ניט אַרויסגע־
בראַכט קיין איין געדאַנק:

„ווער ס׳וויל אַ וווּנדערבאַר־רייכע שפּראַך, זאָל לייענען „בי־
מי הרעש״ און „בימים ההם״ מענדעלע מוכר ספרימס. דער אָבער,
וואָס זוכט אַ וואַסערן ס׳ניט איז געדאַנק, זאָל זיך אָפּקערן פון זיי
און אַוועקגיין״.

י. ל. פּרץ איז פּשוט שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דעם שטייגער־רעאַ־
ליזם, וואָס איז לויט זיין מיינונג געווען קאָנסערוואַטיוו, — י. ל. פּרץ
האָט געפאָדערט, אַז דער קינסטלערישער מעטאָד זאָל זיין אַ פּראָגרע־
סיווער און רעוואָלוציאָנערער, הגם ס׳האָט אים אַליין ניט אויסגעמיטן
געשטרויכלט צו ווערן מיט קינסטלערישער ראָמאַנטיק און קינסטלערישן
אידעאַליזם. אָבער סיי דער געשיכטלעכער אידעאַליזם, סיי די געשיכטלע־
כע ראָמאַנטיק זיינען אָפטמאָל אַ דערשיינונג דאָרט, וווּ ס׳איז פאַראַן
רעוואָלוציאָנערישקייט, בונטאַרישער גייסט. און ס׳האָט געהאַט אַ גרוי־
סע השפּעה אויפן שוווּנג און אויסוויקלונג פון זיין סאָציאַלער טעמאַ־
טיק, כאַראַקטעריזירט אין אַזעלכע זיינע שאַפונגען, ווי „באָנטשע
שווייג״, „דאָס שטריימל״, „ביים פּרעמדן חופּה־קליייד״, „די דריי נייי־
טערנס״ און באַזונדערס אין דער דערציילונג „וועבער־ליבע״, — די אַלע
דערציילונגען צייכענען זיך אויס ניט בלויז מיט זייער סאָציאַלן פּראָ־
טעסט, נאָר אויך מיטן שטעלן די ברענענדיקע סאָציאַלע פּראָבלעמען,
וואָס האָבן גורם געווען די נויט. און פּיין פונעם אַרבעטנדיקן מענטש.
י. ל. פּרץ באַרירט סאָציאַלע פּראָבלעמען, וואָס רעגן אָן און צווינגען נאָכ־

צודעקעו און גאנץ ריכטיק זאגט זיין פערסאנאזש בערל קאלבאס אין דער דערציילונג „דאס שטריימל”:

„איך האב א מיעטע טבע געקריגן, איבער וואס איך זע, האב איך ליב צו קלערן פונוואנען קומט עס? פארוואס עס איז אזוי? צי קען נישט אנדערש זיין? פארוואס האט איינער א שאפן־פעלץ, דער צווייטער א טרעגער־פעלצל, דער דריטער א סערמיגגע, און דער פערטער נארנישט? איך מוז קלערן. איך ווייס פארט, אז לייבל מיל־נער לאזט זיך נישט פריער איבערשטרייכן דאס שאפן־פעלצל, ביז ער רייסט ניט אפ א גראשן פון זאק דער סערמיגגע און דעם אייגע־נעם גראשן פער פור דעם פעלצל...”

מיט זיין שכל באנעמט שוין בערל קאלבאס, אז עפעס איז ניט ריכ־טיק, עפעס שטימט ניט אינעם מענטשלעכן חשבון. דעריבער בונטעוועט ער זיך קעגן דעם שטריימל, וואס הערשט איבערן לעבן, — בערל קאל־באס ווייסט שוין, אז אונטערן שטריימל איז אלעס ליידיק, אז ער נוצט אוים די טראדיציע ווי א כוח פאר זיין הערשאפט. די לייבל מילנערס ווידער זיינען פארינטערעסירט אויפצוהאלטן די הערשאפט פונעם שטריימל, ווייל ס'איז זיי אויף דער האנט קעגן דער אומרויקייט פון די בערל קאלבאסעס. און נאך שארפער ווערט ארויסגעבראכט דאס סאציא־לע אין דער „וועבער־ליבע”, געשריבן אין דער פארם פון בריוו, באווייזט י. ל. פרץ די עוואלוציע פון א יונגן וועבער, וואס באפרייט זיך בהדרגהדיק פון דער „כל־ישראל”־לעגענדע און פארשטייט שוין, אז קאפיטאליסטן און ארבעטער זיינען ניט קיין מחותנים צווישן זיך: „ווי גליקלעך האב איך זיך געפילט”, זאגט דער יונגער וועבער”, ביים ראש־חודש בענטשן, ווען דער חזן האט געזונגען „עם כל ישראל אחיהם”, — „אלע יידן זיינען ברידער!” א קאטאוועס, א מענטש האט א 7־8 מיליאן ברידער און שוועס־טער! — ערשט שפעטער בין איך געוואר געווארן, אז מאריץ פיינבאך איז מיר גאר קיין ברודער ניט, אז ער האט מער רחמנות אויף זיין פערד, ווי אויף מיר”.

פאר דער יידישער ליטעראטור און דיכטונג פון יענער צייט איז עס געווען א נייער טאן און ס'איז געווארן א גאנץ נייע טעמאטיק. גאנץ נייע פערסאנאזשן האבן זיך באוויזן אויף דער ארענע פונעם שאפן, קליינ־בירגערלעכע הארעפאשניקעס און בעל־מלאכות, סוחרים און קרעמער, בטלנים און ישיבה־בחורים און צו דער איז אויך צוגעקומען די פרוי, וואס האט ביז י. ל. פרצן ניט געפונען כמעט קיין ארט און דערמאנונג אין דער יידישער ליטעראטור. די פרוי איז נאך אלץ געווען אן אביעקט און דער סוביעקט פון א באשטימטער טעמאטיק און אינהאלטן און י. ל. פרץ איז דער ערשטער, וואס האט אוועקגעשטעלט דאס פראבלעם פון דער רעכט־לאזיקייט פון דער יידישער פרוי, פארגעשטעלט אויף א סאציאלן יסוד.

י. ל. פרץ האָט צעאַקערט און פאַרזייט דעם טעמאַטישן באָדן פון דער
ייִדישער ליטעראַטור און דיכטונג און האָט אויך באַרייכערט דאָס ייִדיש-
דענקען מיט פיל סאָציאַלע פּראָבלעמען, וואָס האָבן רעוואָלוציאָניזירט
דאָס ייִדישע מיליע. איבערהויפּט האָבן געהאַט ווירקונג זיינע אַנטיקלע־
ריקאַלע טעמעס, ווי אויך די טעמעס וועגן קאַמף, — ער האָט געוויזן
דעם אופן ווי אַריינצודרינגען אינעם דענקערישן און פילנדיקן פונעם
לייענער. ס'איז געווען אויסצוגעפינען אַ ריכטיקן און צוגעפּאַסטן ליטע־
ראַרישן זשאַנר, וואָס זאָל פאַרכאַפּן און פאַרינטערעסירן און אַזוי אַרום
האָט י. ל. פּרץ אַריינגעפירט אין דער ייִדישער ליטעראַטור דעם זשאַנר
פונעם אַלעגאָרישן מעשהלע, ווי אַ מיטל אויסצוּוויקלען אויף אַ בילדע־
רישן שטייגער אַנטיקלעריקאַלע און סאָציאַלע פּראָבלעמען. אַלעגאָריש
איז „באָנטשע שוויַיג” און אַלעגאָריש איז אויך די דערציילונג „די פּרוּ־
מע קאַץ”. אין די אַלעגאָריעס שטייגט דאָס סאָציאַלע צו דער הויך פון אַ
פילאָזאָפישער דערקענטעניש.

ניט ווייניק אַלעגאָרישקייט געפינט מען אויך אין דער „וועבער־
ליבע”. י. ל. פּרץ דערציילט דאָרט דאָס מעשהלע ווי אַזוי אַ מכשף האָט
אַמאָל זיך פאַרשטעלט פאַר אַ פאַקנטרעגער און קויפט אויס אַלע הייַ־
ליקייטן. פאַר אַלעס צאָלט ער מיט גאָלד. אַלע האָבן פאַרקויפט: בעל־מלא־
כות, בעלי-בתים, כלי־קודש. און דער מכשף האָט אָנגעהויבן פּלאָגן דאָס
שטעטל מיט אַלערליי קרענק און מגפות און ס'איז ניט געווען מיט וואָס
זיך צו ראַטעווען. און וואָס האָט י. ל. פּרץ אויסן געווען מיט אַזאַ אַלעגאָ־
רישן מעשהלע? ער אַליין גיט אויף דעם אַן ענטפער: „געשען איז עס
פאַר אַ פּאָר יאָר, פּלוצלינג איז אַ גליקלעכע צייט אויף וועבער געקומען.
מען האָט געברויכט וועבער. דער פאַבריקאַנט דער כישופמאַכער האָט
גאָלד געצאָלט, די אַרבעט איז אין גאָלד געגאַנגען... נאָר אַז דאָס יאָר
איז אַריבער איז געבליבן קרענק מיט שאַרבנס”.

צוזאַמען מיטן סאָציאַלן קומט דאָ אויך אַ שטריך פון דער ייִדישער
עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג: י. ל. פּרץ ווייזט ווי ס'האָט זיך אָנגעהויבן
דער פּראָצעס פון דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג ביי ייִדן, דאָס אַנט־
שטיין פון דער וועבער־אינדוסטריע און פאַרבונדענע מיט דעם קריזיסן,
אָבער ער נעמט עס ניט אויף ווי אַ רעאַל־קאָנקרעטע דערשיינונג, אונטער־
געוואָרפן באַשטימטע געזעצן פון דער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער אַנט־
וויקלונג. דער פאַבריקאַנט איז ביי אים אַ כישופמאַכער, וואָס איז גע־
קומען מיטן איינציקן ציל צו יאָגן און צו פּלאָגן. ער נעמט ניט אויף די
דערשיינונג ווי אַ באַשטימטן דעטערמיניסטישן פּראָצעס פון אַ רעוואָלו־
ציאָנערער אַנטוויקלונג, נאָר ער באַטראַכט עס ווי אַן ענין פון יושר און
עטישער הומאַניטאַרישקייט. ער האָט די דערשיינונג געזען מיט קלאָרע
אויגן, זי אויפגענומען און זי געשטעלט אונטער אַ שניידמעסער פון אַ

שאַרפער קריטיק, אָבער ער האָט ניט באַמערקט די וועזנטלעכע אַנטוויקלונג, אויסוויקלונג און ווירקונגען. דעריבער טאַקע שטעלט ער פאַר דעם אַרבעטס־מענטש ניט אין זיין רעוואָלוציאָנערער קעמפערישקייט, נאָר אין זיינע קליינלעך־באַלעבעסלדיקע השגות. אויף אַזאַ שטייגער איז דער אידעאַל, —

„אַ ריין אויפגעראַמטע שטוב, צוויי בעטן הילצערנע, זאָל זיין צו איינציקע קישן, נאָר ווייסע, שניי־ווייסע ציכן, אַ ברויט אין דעם ווייסן הילצערנעם אַלמער, אַ האַלב פונט פלייש צו מיטיק אויף אַ פּערזאָן".

ס'איז די גאַנצע השגה פונעם יונגן וועבער, אַ „באַנטשע־שוויַיג" אין אַן אַנדערן געוואַנט. און זאָל עס זיין די שולד י. ל. פּרצעס, וואָס ער האָט געזען בלויז אַזעלכע השגות און ניט עפּעס אַנדערש, מער מעכטיקס און שטאַרקערס? נעמט מען י. ל. פּרצן ניט אויס אַ שטאַנדפּונקט פון „סוב־ספּעציע עטערניטאַטיס", ניט אויס אַ שטאַנדפּונקט פון אייביקדיקייט, נאָר אויס אַ שטאַנדפּונקט פון זיין צייט און אירע ווירקונגען, קומט מען צום אויספיר, אַז ער האָט געטריי אָפּגעשפּיגלט די רעאַליטעט און אויב דער יונגער וועבער האָט ניט געהאַט קיין אַנדערע השגות, ווי בלויז די אָנגעוויזענע, איז עס אַדאַנק דעם, ווייל זיין פּסיכאָלאָגיע איז נאָך געווען אַ באַלעבעסלדיקע און ער איז נאָך ניט געווען אָרגאַניש דורכגעדרונגען מיטן תמצית און עצם פון זיין אייגענעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף. און האָט י. ל. פּרץ ניט באַגריפן, אַז דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג איז דער קלאַסנקאַמף? ער שטרייכט אונטער אַז די צעטיילונג פון מענטשן אויף אָרים און רייך איז ניט אַ גאָט־זאַך, נאָר אַ מענטשלעכע אַרבעט. גאַנץ רעליעף ווערט עס אונטערגעשטראָכן אין דער באַלאַדע „צוויי ברידער". ביידע ברידער זיינען געבוירן געוואָרן אָרים און זיינען דעמאָלט געווען גליקלעך און פריידלעך, נאָר קוים האָט זיך באַוויזן די תאווה צו רייכקייט, האָט איין ברודער גענומען עקספּלואַטירן דעם צווייטן, צאַפּן זיין בלוט, און טרערן און שווייס האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין קרעלן און בריליאַנטן: „פון דעמאָלט אָן איז פאַרשוווּנדן דאָס גליק... דער רייכער שלאָפט ניט פאַר שרעק, דער אָרימער פאַר וויטיק, דער שרייט: ס'איז מיין עשירות, מיין רייכטום, מיין גוט! און יענער: ס'איז טרערן, מיין שווייס און מיין בלוט!" דערביי דעקט ער אויף די בייזע נאַטור און ציניזם פונעם עקספּלואַטירער, שטעלנדיק אַ ריין־הומאַניטאַרע און עטישע פראַגע: „ווי לאַכט עס אַ ברודער ביים ברודערס געוויין? ווי שלאָגט עס אַ ברודער דעם צווייטן אין קאַרק? שטענדיק געקלערט און קיינמאָל געהערט דעם סוף פון דער שרעקלעכער זאַך". און ענלעכס קומט ביי אים צום אויסדרוק אין זיין דיכטונג „ביים פרעמדן חופּה־קלייד", אָבער בעת אין דער באַלאַדע „די צוויי ברידער"

שפּירט מען שטאַרקן און שאַרפֿן פּראָטעסט, זיינען די לידער פונעם
„פרעמדן חופּה־קלייד” דורכגעדרונגען מיט מיטלייד און באַזונדערס ליריי־
שער צאַרטקייט, ווי, צום ביישפּיל, „בלאָס איז דאָס זיידנציייג, פּונקט ווי
מיין פּנימל, דורכזיכטיק־דין, ווי מיין הויט...” „רירט מען עס, קרעכצט
עס אוי, פּונקט ווי מיינע ביינדעלעך”. י. ל. פּרץ באַנוצט זיך דאָ מיטן
פאַרגלייכנדיקן, מיט קאָמפּאַראַטיוון און ס'נוצט אים אַרויסצוברענגען דאָס
קאָנקרעטע, דורך אַן אינדיווידועלן שטריך שאַפן אַן אַלגעמיינעם בילד,
אָדער ריכטיקער געזאָגט, דאָס בילד פונעם אַלגעמיינעם.



ס'איז אויסער ספק, אַז י. ל. פּרץ איז אין זיין טכילותדיקן שאַפן
אָנגערעגט געוואָרן פון דער סאָציאַלער ווירקלעכקייט און האָט זיין שאַ־
פונג־פּראָצעס אַן שום באַפּוצעכצן געפירט אויף דער קאַנווע פון אַן אויס־
געשפּראָכענעם רעאַליזם, דאָך לאָזט ער ניט הויך דאָס רעאַליסטישע און
באַנוגנט זיך ניט בלויז מיטן סיפּור־המעשהדיקן, נאָר ער דרינגט דורך
דאָס רעאַליסטישע מיט אַ מוסר־השכל. דאָס מוסר־השכלדיקע איז ביי אים
אַן אויסגעשפּראָכן עטישער עלעמענט, פּונקט ווי דאָס רעאַליסטישע קען
באַטראַכט ווערן, ווי אַ פּועל־יוצא פון זיינע אינטעלעקטואַליסטישע איינ־
שטעלונגען, — ס'איז מעגלעך און ס'קען זיין און ווערן אַ טעזע אויפצו־
קלערן די איינגשאַפטן פון זיין שאַפונג־פּראָצעס, דאָך דאַרף עס ניט אָנ־
גענומען ווערן ווי אַן עיקר, ווייל ווען ס'זאָל זיין אַזוי און ניט אַנדערש,
וואָלט י. ל. פּרץ ניט געבליבן דער אייביקער צווייפלער און דער אייביקער
אומרו־גייסט. דאָס, וואָס ס'קאָן ביי אים באַטראַכט ווערן פאַר עטיש איז
געווען זיין דורכדרינגנדיקער צווייפל, דאָס אינטעלעקטואַליסטישע איז
דער רעפלעקס פון זיין אומרו־גייסט און ער האָט זיך באַנוצט מיט די
ביידע עלעמענטן אויס אַ באַשטימטער כוונה און ציל: ער האָט גע־
שטרעבט און זיך געשטעלט די אויפגאַבע אויפצושטעלן די יסודות און
אויפדעקן דעם יש פונעם ספּעציפיש־יידישן הומאַניזם, וואָס איז אַנ־
דערש פון אַלע אַנדערע אומות־העולמדיקע הומאַניזמען און איז אין זיך
כולל סיי דאָס סאָציאַלע, סיי דאָס נאַציאָנאַלע. ער האָט געשטרעבט צו
געפינען אינעם יידישן הומאַניזם דעם סינטעז פונעם נאַציאָנאַלן און סאָ־
ציאַלן און ס'איז אויך געוואָרן דער אָנהויב און קערן פון אַלע זיינע ווייי־
טערדיקע אַנטוויקלונגען און יאוש, ווען ער האָט עס ניט געפונען. און
זוכנדיק זיינען זיינע בליקן געפאַלן ניט בלויז אויף דער יידישער קעגנ־
וואַרט, נאָר אויך אויף דער פאַרגאַנגענהייט. דאָס לעבן פון אַ פאָלק דריקט
זיך אויס ניט בלויז אין זיין הווה־עקזיסטענץ, ניט בלויז אינעם מאַ־
טעריעלן, נאָר אויך אינעם גייסטיקן. דאָס גייסטיקע האָט זיין שורש אין

דער פּאַרגאַנגענהייט, די פּאַרגאַנגענהייט ווידער איז די לעגענדע, ס'איז דער פּרימיטיוו, די התחלה פונעם דענקען און אויף דעם וועג איז י. ל. פּרץ געקומען צו זיינע „פאָלקסטימלעכע געשיכטעס", — און דער מיין דערביי איז געווען אַ קלאָרער, אַ צילמעסיקער: דורכן יידישן פאָלקס-מעשהלע, דורך דער לעגענדע אויפשטעלן און שאַפן דעם עפּאָס פונעם פאָלק, טאַקע ווייל דער עפּאָס איז די ערשטע שטופע און די ערשטע אָנ־פילונג פונעם נאַציאָנאַלן. אין דעם פּרט האָט י. ל. פּרץ פונ־גדר געווען קעגן דעם, וואָס מענדעלע האָט געהאַט איינגעפירט: פאַר מענדע־לען האָט עקזיסטירט בלויז די „כנסת ישראל", פאַר י. ל. פּרצן איז עס געווען ווייניק, — ער האָט געוואָלט אַ יידיש פאָלק און ניט אַ „כנסת ישראל". ניט קיין יידישקייט האָט ער געזוכט, יידישקייט אַליין איז אַ באַגרענעצטער באַגריף, באַציט זיך בלויז אויפן גלויבערישן און רעליגיעזן, בעת דאָס נאַציאָנאַלע איז ברייט און טיף, דעקט אויף דעם אוצר פונעם פאָלקס־גייסט און צוגעפּאַסט צו דעם האָט י. ל. פּרץ זיינע לעגענדעס און מעשות באַטיטלט „פאָלקסטימלעכע געשיכטען", ווייל ס'אַנטפּלעקט ניט בלויז די פאַנטאַזיע פונעם פאָלק, נאָר אויך זיין שעפערישע התחלה, — דאָס פאָלק שאַפט און י. ל. פּרץ האָט דעם פּרימיטיוו אָרומגעוויקלט מיט אַ קינסטלערישן לבוש. י. ל. פּרץ האָט אַנטפּלעקט און איבערדיכ־טעט די מיטאָלאָגיע פונעם יידישן פאָלק, ווייל יעדע מיטאָלאָגיע איז די פאָרשטופע צו געשיכטע און אַ פאָלק ווערט אַ יש ערשט דעמאָלט ווען ס'שאַפט געשיכטע. דאָס איז אויך דער שליסל פאַרוואָס י. ל. פּרץ האָט געשטעלט אַזוי שאַרף דעם טראָפּ אויפן נאַציאָנאַלן, ער האָט עס געטון אוים דער תביעה, וואָס ער האָט געשטעלט דעם קינסטלער: „דאָס קינסט-לערישע אויג", האָט י. ל. פּרץ געזאָגט, — „זעט די ווירקלעכקייט נישט אַזוי, ווי זי איז, נאָר פיל ווירקלעכער, וואָרום ער זעט איר אינערלעכן אינהאַלט, איר באַציונג און אָפּהענגיקייט פון דער נשמה פון דער וועלט", — אויף אַזאַ וועג האָט י. ל. פּרץ געפירט דאָס יידיש־נאַציאָנאַלע צום וועלטלעך־אוניווערסאַלן און ס'איז געוואָרן אַ ריכטיקע רעוואָלוציע אינעם יידישן דענקען און שאַפן. ס'איז אויך געוואָרן דער וועג פון זיין איינענעם, פון י. ל. פּרצעס שאַפן. אָבער ניט גראַדליניק איז ביי י. ל. פּרצן געגאַנ־גען דער וועג, נאָר זיגזאַגמעסיק, דורך פאַרשיידענע אומוועגן און אָפּנויגן, נאַטירלעך און פאַרשטענדלעך פאַר אַזאַ אומרויִקן גייסט, ווי ס'איז געווען י. ל. פּרץ. און אַ גרויסע ווירקונג דערביי האָבן אויך געהאַט זיינע אַנטוי־שונגען, ווייל ער האָט ניט געפונען אַ יידיש פאָלק, וואָס זאָל באַגרייפן זיין געשיכטלעכן זיין און אָנצייכענונג, — ער האָט ניט געפונען אַ פאָלק, וואָס זעט, ווי „צווישן לעבן און טויט וואַקלט זיך אַ וועלט", נאָר ער האָט אויף זיין שאַפונגס־וועג געטראָפן און זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט —

„איין עולם...
דער עולם...
צוויי, דריי, פיר...
פינף מנינים קליינע, קליינע יידעלעך,
איינגעשרומפענע,
קליינע יידעלעך...
און יעדער וויל פאר זיך,
פאר זיך,
פאר איינגן ווייב און קינד,
פאר איינגן הויז־געזינד".

י. ל. פרץ האט ניט געקענט שלום מאכן מיט אזא ווירקלעכקייט, ניט געקענט און ניט געוואלט גיין אויף קיינע קאמפראמיסן און אויף דעם באדן איז געוואקסן און געשטיגן די טראגיק פון דער פערזענלעכקייט, צום שלום פארוואנדלט אין א ריכטיקער י. ל. פרץ־טראגעדיע.

# דער שטישער אידעאל אין
# י. ל. פרצ'עס ווערס

# דער עטישער אידעאַל אין י. ל. פּרצעס ווערק

אין זיין וואָרט וועגן יעקב דינעזאָן פאָרמולירט י. ל. פּרץ:

„דאָס בילד, די סצענע, דאָס שטיק אָפּגעמאָלט לעבן איז נישט קיין צוועק פאַר זיך אַליין. דאָס לעבן האָט אפשר פאַר זיך אַליין קיין תכלית נישט! — דער קינסטלער מוז דעריבער לכל־הפחות באַווייזן, אַז איין מענטש דעם צווייטן דאַרף ליב האָבן; אַז איין גע־שלעכט דאַרף דאָס צווייטע נישט אונטערדריקן; אַז פאַלשקייט, אינ־טריגעס, פאַנאַטיזם א. ד. ג. שלעכטע מידות פירן ניט צו קיין גוטס,"

ס'איז י. ל. פּרצעס טעזע, וועלכער ער בלייבט געטריי אין זיין שאַפנדיקן דענקען און די טעזע דערהויבט ער צו דער שטופע פון אַן עטישן אידעאַל. דאָס עטישע איז דער סכום פון די ענלעכע טוגנטן און ביי י. ל. פּרצן איז עס אַן „עקר העקרים". וואָס איז דען אַזוינס טוגנט? די אַלגעמיינע פילאָזאָפיע פאָרמולירט עס אין פאָלגנדיקע באַגריפן:

„ס'איז איבערצייגונג און ווערדע, ס'איז די מאַכט און קראַפט צו האַנדלען. אינטעגראַלקייט פון נשמה און די גוטסקייט פונעם לעבן. עס איז די נייגונג און גרייטקייט פון דער נשמה צו טאָטן אין הסכם מיטן מאָראַלישן געזעץ און דאָס באַצוועקן צו רעאַליזירן גוטע זאַכן. און ניט ווייניק איז עס אויך דער ספּעציפישער כוח ווי־דערצושטעלן זיך דעם שלעכטן. און ווען קען עס געשען? דעמאָלט ווען דער ווילן איז אונטערגעוואָרפן דעם געזעץ פון גוטס, — אַזאַ איז דער כאַראַקטער פונעם מאָראַלישן געזעץ, וואָס אַנולירט ניט די עקזיסטענץ און אויסדרוקן פונעם פרייען ווילן, נאָר איז אויסן זיי ממשיך צו זיין, ווי אַ גוטע זאַך, מאַכנדיק פעסט און דויערנד דאָס אָפּהיטן דעם געזעץ. טוגנט ווידער איז אויך דער פּערמאַנענטער כוח פרייוויליק אויסצופירן דאָס גוטע, ווי אַ געזעץ פון לעבן".

ס'איז דער אַלגעמיינער באַגריף, אָבער יעדער פילאָזאָף אין פאַר־שיידענע עפּאָכן האָט צו דעם בייגעטראָגן מיט זיינע דעפיניציעס. אַזוי איז פאַר אַריסטאָטעלן די טוגנט אַ האַרמאָניע צווישן געוווינהייט און שכל. דער אַלטער סענעקאַ האָט געהאַלטן, אַז די נאַטור גיט ניט דעם מענטשן קיינע טוגנטן, נאָר ס'איז אַ קונסט צו טון גוטע זאַכן, פאַרן פראַנצויזישן מאַלבראַנש איז די טוגנט אַ געוווינהייט צו לעבן לויט די פאַרשריפטן און פאָדערונגען פונעם שכל. און נאָך ברייטער איז די דע־פיניציע, וואָס דער פילאָזאָף לייבניץ גיט פאַרן אינהאַלט פון דער עטיק. פאַר אים זיינען ליכט און טוגנט קיינמאָל ניט געווען די אייגנשאַפט פון אַ סך מענטשן. ער האַלט, אַז צווישן דער דאָגמע און מאָראַל איז פאַראַן דער זעלבער אונטערשייד, ווי צווישן טעאָריע און פּראַקטיק. טוגנט איז אַן אימפּעראַטיוו פונעם סענטימענט, בעת פאַרן דייטשן פילאָזאָף קאַנט איז די טוגנט די מאָראַלישע קראַפט פונעם ווילן מקיים צו זיין אַלע פליכ־טן. אינעם זעלבן נוסח פאָרמולירט דאָס פּראָבלעם אויך דער שפּאַנישער פילאָזאָף באַלמעס פאַר וועמען די טוגנט איז אַ געוווינהייט צו האַנדלען גוט. אין אַלגעמיין גענומען איז כמעט ביי אַלעמען איינער און דער זעל־בער נוסח, רעדוצירט צו די אייגנשאַפטן, ווי ס'האָט שוין אין די אַלטער־טימלעכע צייטן אָנגעוויזן אַריסטאָטעל. די אייגנשאַפטן זיינען: וויסן, ווילן, אָנטשלאָסנקייט; אָנטשלאָסנקייט פאַרבונדן מיט געוויסן און פרייען ווילן, אָבער מיטן פאַרבאַמערק, אַז אַ טוגנטהאַפטער איז נאָך ניט דער, וואָס טוט איין מאָל אַ גוטע זאַך, נאָר דער וואָס האָט די שטענדיקע ניי־גונג צו האַנדלען גוט, טאַקע, ווי דער דערמאָנטער רוימישער פילאָזאָף סענעקאַ האָט אָנגעוויזן, אַז דער טוגנטהאַפטער מענטש ווערט ניט גע־בוירן, נאָר דאָס טוגנטהאַפטע ווערט דערגרייכט אין לעבן אויס אַ גוטן ווילן.

פון דעם אַלעם קען מען מאַכן דעם אויספיר, אַז טוגנט איז אַ זאַך, וואָס קען דערוועָרבט ווערן און דעריבער דאַרף מען זי לערנען. ס'זעלבע האָט שוין געהאַט אויך געזאָגט פּלאַטאָן און אַרום דעם טאַקע איז אויפ־געשטעלט געוואָרן אַ טעאָריע פון מיטלען צו לערנען די טוגנט. דריי זיי־נען די מיטלען, אויסגעדריקט אין ווייטערדיקן:

1) אַלגעמיינער וויסן און זיך איבן אין דער ריכטונג פון אַ פרייען ווילן צו טון גוטס.

2) די גערעכטע ריכטונג פונעם מאָראַלישן ווילן צו מאַכן אים קרעפ־טיקער און געוווינהייט ביים טון דאָס גוטע.

3) די נידעריקע געפילן מאַכן אונטערטעניק צו די העכערע, שאַפנ־דיק אַזוי אַרום גוטע געוווינהייטן און דאָס באַמיען זיך צו אָנטפּלעקן די געוווינהייטן אין אַלע אַקטן פון מקריב זיין זיך. קענען זיין דעסינטע־רעסירט, — ס'איז דער פּונקט, וואָס כאַראַקטעריזירט דאָס מאָראַלישע

לעבן. טוגנט ווידער האָט אַ טעאָרעטישע און פּראַקטישע זייט. די פּראַק־טישע זייט איז וויכטיקער און דער וויכטיקסטער מיטל ביים לערנען די טוגנט איז דער נעמען זיך אַ ביישפּיל. ס'איז אַ ביטראַג צום טעאָרע־טישן צו מאַכן געניינגט דעם ווילן צו דער פּראַקטיק פון גוטס. די טעאָ־רעטישע זייט פון דער טוגנט פאַרלירט יעדע ווירקעוודיקייט, אויב זי גייט ניט באַגלייט פונעם ביישפּיל. ס'איז ווי ס'זאָגט שעקספּיר: „דער גוטער פּריידיקער איז דער, וואָס פאָלגט אַליין אויס זיין פּריידיקן". עס מיינט צו זאָגן, אַז וואָרט און טאַט דאַרף פאָלגן איינע די אַנדערע. און אָט אַזוי זעט י. ל. פּרץ דאָס טוגנהאַפטע, אָבער ער נעמט עס ניט אין אַ פילאָזאָ־פישער טעזע, נאָר דווקא אין אַ טעאָלאָגישער, אויסגעדריקט אין די דריי יידישע מידות, — גלויבן, האָפענונג און צדקהדיקייט, ווי די צילן דאַרפן זיין דאָס קענען זיך דערהייבן דירעקט צום געטלעכן.

י. ל. פּרץ האָט געלייגט באַזונדערע אַכט אויפן עטישן מאָמענט אי־נעם לעבן פון מענטשן און געזעלשאַפט. כמעט אין אַלע זיינע ווערק ציט ער דעם פאָדים פונעם עטישן און אין זיינע „נייע פאָלקסטימלעכע און אַנדערע געשיכטעס" באַרירט ער דאָס פּראָבלעם פון די מענטשלעכע טוגנטן. ס'איז דאָס פּראָבלעם פון דער מענטשלעכער עטיק, פונעם פּסי־כאָלאָגישן אינעם מענטשן, אין וועמען דאָס גוטע מוז און זאָל טריומפירן איבערן שלעכטן. דאָס צניעותדיקע זאָל גובר זיין די תאווה, זאָל באַהערשן דעם נסיון און ס'זאָל טריומפירן דער גערעכטער און דאָס גערעכטע. אי־בעראַל ביי י. ל. פּרצן איז דער צענטראַלער פונקט דער מענטש און זיינע מידות, אין דער באַציונג צו זיינע מיטמענטשן, ווי ס'ווערט אונטערגע־שטראָכן אין דער מעשה „דער צוענדאר". ס'איז די מעשה וועגן די מענטשלעכע מידות און דאָרט זאָגט י. ל. פּרץ דורך־אגב, ווי אַ מין „נאָטאַ בענע", וואָס זאָל ווערן אַ מין געבאָט, —

„דאָס גרעסטע נחת פון אַ מענטש איז, אויב ער קאָן עפּעס
צוליב טון אַ צווייטן", —

אַזוי אַרום פאַרבינדט ער דאָס גוטע מיטן נחתדיקן. דער „מוז און זאָל" פונעם עטישן איז ס'זאָל ווערן פרייד און פאַרגעניגן, אָבער י. ל. פּרץ ווייסט אויך ווי אונטערשיידן, ווען די מידות פונעם מענטש, ווי זיין עטישע קאַטעגאָריע, קענען זיין אַקטיווע אָדער פּאַסיווע און יעדע איינע פון די מידות איז פאַרבונדן מיט אירע אייגענע מעלות און חסרונות, האָבן זייער לאָגיק און באַקומען אַ באַשטימטן פּסיכאָלאָגישן אויסדרוק. פאַרשיידנאַרטיק זיינען די פאַקטאָרן, וואָס באַווירקן די מידות. אינעם קרייז פונעם עטישן גייט אַריין אויך די תאווה, דאָך שטעלט ער זי ניט אַוועק ווי אַן אַבסאָלוט־נעגאַטיווע דערשיינונג. די תאווה, ווי די אַבסאָלו־טע ליידנשאַפט, ווערט געפערלעך אינעם אויגנבליק, ווען זי קומט פון אַן אויסערלעכער אָנרעגונג. ס'הייסט, ווען ס'זיינען פאַראַן דער רעאַלער אָב־

יעקט און סוביעקט פון דער ליידנשאפט־אקציע. דעמאָלט ווערט ליידנ־שאפט א נסיון, וואָס קען פאַרוואַנדלען אין ביטערער, ווי י. ל. פרץ אילוסטרירט עס אין דער דערציילונג „אויף דער פרישער לופט", „א מעשה נורא מיטן רבינס זאָל לעבן יונגסטער שנור", — אַלע איבערריידענישן, פאַרבינדן מיטן מאַטעריעלן האָבן ניט געקענט ווירקן און מאַכן וועקן אין איר שלעכ־טע מחשבות, ווייל שטאַרק איז אין איר דאָס געפיל פון צניעות, אָבער אמאָל קען מען גאָר קומען צו אן עבירה דווקא דורכן ווילן טון א גוטן טאַט, ווי, צום ביישפּיל, ווילן אַנטרינקען א דורשטיקן, אָדער גאָר אינעם אַנבליק פון גבורהשער שיינקייט:

„ציטערט דאָס ווייבל און ברענגט א גלאָז מיט וואַסער ארויס און דערלאַנגט מיט א האַנט א פאַרציטערטער. נעמט דאָס פריצל דאָס גלאָז צוזאַמען מיט דער האַנט, און דריקט די האַנט, און ארויסרייסן די האַנט האָט זי נישט קיין כוח. און ער קוקט מיט אויגן פּריצישע, הייסע און היציקע אין אירע כשרע אייגעלעך אריין, די בליקן בריען זי און אירע ברעמען פאַלגן נישט און פאַלן נישט אראָפּ, און זי קוקט פאַרכישופט אים אקעגן..."

תאווה דורך גבורה און גבורהשע שיינקייט זיינען שטאַרקער און זיינען גובר די צניעות, — גבורה און שיינקייט זיינען אַנרעגנדיק, דאָך נאָר דעמאָלט ווען ס'איז פאַראַן דער „פּלווידיום", וואָס לויפט פונעם שטאַרקן אויפן שוואַכערן. ס'איז די אַקטיווע ליידנשאפט אָדער די ליידנ־שאפט אין אַקציע און די זעלבע ליידנשאפט קען זיין א פּאַסיווע, ווען זי איז א פּועל־יוצא פונעם אינטראָספּעקטיוון, ווען דער סוביעקט פון דער ליידנשאפט איז אין דער זעלבער צייט זיין אייגענער אָביעקט, ווי י. ל. פּרץ שילדערט עס אין דער זעלבער שוין דערמאָנטער מעשה:

„איינע אליין, א בלאַסע דאַמע אויף א שטיין ביים וועג, א בוך אין דער האַנט — א היינטיק מעשה־ביכל; מן־הסתם, א העכסט־אינטערעסאַנטער ראָמאַן, זי לעזט אין שטיל, דריבנע ציטערט איר לייב, און די אייגעלעך וועקן און לעשן זיך די גוטע פינקעלעך; די בליצלעך, די גוטע".

„און איבערן בלאַסן פּנימל בייטן זיך, צינדן און לעשן זיך, בליען אויף, פאַרגייען און צעגליען זיך אויפסניי די רעכטע רויטע פלעקע־לעך, און צעגיסן זיך איבערן בלאַסן האַלדז און נאַקן־אראָפּ... און דאָס הערצל הייבט זיך און פאַלט —

— אך!"

די פּאַסיווע תאווה איז נאָר א רעפלעקסיווע און איר וועג איז פונעם מענטאַלן צום פילנדיקן און איבערלעבנדיקן. דאָך קען פּאַסיווע תאווה ארי־

בער אין אַ דינאַמישער ווירקונג, אָננעמען אַ דינאַמישן כאַראַקטער, נאַטיר־לעך, ווען דער אָנרעגער קומט אויג אויף אויג צום תאוהדיקן. פּאַסיווע תאוה קען באַטראַכט ווערן ווי אַ גייסטיקער צושטאַנד, מ׳קען עס אָנרופן „מענטאַלע תאוה״, וואָס קען אונטער אַ באַשטימטער ווירקונג אַריבער אין אַ דינאַמיש־מאַטעריאַליזירטן צושטאַנד. דער פאַל האָט אפילו ניט צו טון מיטן פּערסאָנאַזש פון „אויף דער פרישער לופט״, ווייל דאָרט ווירקט מער דאָס אונטער־באַוווּסטזיניקע, דאָך קען ער ווערן אַ רעאַליזירטער טאַט, ווען ס׳זאָלן זיך ניט טרעפן אין וועג די אויסערלעך־שטערערישע פאַקטאָרן, ווי ס׳איז טאַקע דער פאַל מיט דער צניעותדיקער שנור פון דער דערמאָנטער דערציילונג.

י. ל. פּרץ שטעלט אַפּטמאָל דאָס עטישע פּראָבלעם אויף אַזאַ שטייגער, ווי ס׳זאָל פאָדערן און האָבן נויטיק אַן אַנטשיידונג. דאָס מאָראַלישע באַצוועקט איין ציל: טון און מקיים זיין דאָס גוטע און דער מענטשלעכער ווילן דאַרף זיך אונטערוואַרפן די געזעצן פונעם גוטן. איבערהויפּט איז עס גילטיק אין דער יידישער עטיק, ווו דאָס גוטע ווערט געגליכן צו אַ מצווה, אָבער מ׳דאַרף גוט מזהיר זיין, ווייל דווקא אַ מצווה קען אַמאָל אויך פירן צו אַן עבירה. אין אַזאַ שטייגער ווערט דאָס פּראָבלעם אַוועקגעשטעלט אין דער מעשה „דער דין־תורה מיטן ווינט״. דער רייכער ייד פון דער מעשה איז אויף זיין שטייגער גערעכט, אָפּזאָגנדיק זיך צו העלפן דער הונ־געריקער אלמנה שולמית, ווייל ער האַלט זיך שטרענג ביי די תקנות פון דער יידישער עטיק אַז „ושונא מתנות יחיה״, — ער באַטראַכט ניט די הילף אין איר בוכשטעבלעכקייט, נאָר ווי אַ מתנה, און —

„ווער עס וויל לעבן, נעמט קיין מתנות נישט, ווער עס נעמט אומזיסט, פאַרקירצט זיך זיינע יאָרן, וואָס זיין ליבער נאָמען האָט אים באַשערט, דו ווילסט זינדיקן, אישה, און איך וויל ניט זיין קיין שותף צו דיינע זינד, גאָט איז אַ דיין, — אַלמנות, ער וועט עס מיר נישט פאַרגעסן, אַז איך האָב מיטגעהאָלפן צו פאַרקירצן דיינע יאָרן״.

דאָך איז שולמית׳עס מצווה אַ סך גרעסער און איז די ריכטיקע מצ־וה, ווען זי גיט אַוועק דעם הונגעריקן צוויי לאַבן ברויט, הגם זי אַליין איז די פאַרהונגערטע. און איר מצווה איז פיל גרעסער, ווי די מצווה פונעם רייכן מאַן, וואָס גיט איר אַ היתר אויף הפקר.

ס׳זיינען צוויי מינים טוגנטן, איינער אַ באַוווּסטזיניקער, צוגעפּאַסט צום געבאָט, צו דער תקנה און דער צווייטער איז אַן אוממיטלבאַרער, וואָס גייט דירעקט פון דער נשמה, פונעם האַרץ, אָן שום איבערקלערעכצן און פּילפּול. דעריבער איז ווירקנדיקער און העכער די טוגנט פונעם פּשוטן מענטש, טאַקע ווייל ער גיט אַוועק דאָס לעצטע און ניט פונעם עודף, אָדער פון דעם, וואָס דאַרף שוין בלייבן אויף הפקר.

אין דער לעגענדע „דער קרבן" רוקט ארויס י. ל. פּרץ דאָס פּראָבלעם פון ליבע, ווי אַ עטישע קאַטעגאָריע. פאַראַן אַ ליבע, וואָס איז שטאַרקער פון טויט, הגם דער סוביעקט פון דער ליבע קומט ניט אין באַהעפטונג מיטן אָביעקט פון דער ליבע און פאַראַן ליבע, וואָס שאַפט די פריידן פון 'עבן אין אַ באַהעפטונג און אין שיינקייט. אין אַזאַ שטייגער ווערן ארויסגע־בראַכט ליבע און ליידן, בענקעניש און גלויבן, שטרייטן און שלאַכטן, — אַלעם דרינגט אַרויס פונעם פּראָבלעם גוט און שלעכט און שאַפן דעם איינ־האַלט פון די מאָראַלישע תקנות און ווירקונגען, דערצו שטרייכט אונטער י. ל. פּרץ, ווי די מידה פון גוטס איז דער גוברדיקער מאָמענט אין דער ייִדי־שער עטיס.

און מיטן פּראָבלעם פון גוטס און שלעכטס אידענטיפיצירן זיך אמת און שקר, פאַרבינדן מיטן פּראָבלעם און באַגריף וועגן אמתדיקן ליכט און פאַלשן. י. ל. פּרץ ווענדעט אָן דעם ביבלישן „ויהי אור" צום זין פונעם מענטשלעכן לעבן, ווידער פאַרגעשטעלט און ארויסגעבראַכט אין דער פאָרם פון אַ מעשהלע, באַטיטלט „דער פירפאַרביקער לאַמטערן". דאָס מעשהלע ליגט ער אַריין אין מויל פון אַ ייִד, וואָס הייסט רב שלמה, ווי אַן אַנדייט אויף אַ ייִד אַ חכם און רב שלמה פירט וועגן דעם אַ וכוח. און ס'איז ניט גלאַט אַזוי אַ מעשהלע, נאָר דער עיקר, ווי מ'דאַרף רעדן און שרייבן פאַרן פאָלק איז פאַר י. ל. פּרצן געווען אַ עטישע וויכטיקייט, ווייל ס'לערנט דעם פאָלק צו אמת און אויפריכטיקייט און אינעם מעשהלע ווערן אויף אַ ביל־דערישן אופן געגעבן פאַרשיידענע אילוסטראַציעס. י. ל. פּרץ ברענגט אי־נעם מעשהלע פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס. אין דער ערשטער קאַטעגאָריע שטעלט ער די פראַגע וואָס איז וויכטיקער: געבן ליכט אָדער אָנזעטיקן די מענטשן; וואָס איז אָנטשיידנדיקער, — דער אידעאַל אָדער דאָס מאַ־טעריעלע:

„איך וועל זיי לייכטן!...

— זיי זיינען בלינד!

— וואָס טויג זיי ליכט? וואָרימקייט דאַרפן זיי, מילך..."

ניט קיין אידעאַל, נאָר דאָס מאַטעריעלע, דאָס גשמיותדיקע, — דאָס זאָל זיין דער עיקר און נאָך דעם קומט די צווייטע קאַטעגאָריע, וואָס באַ־הויפּטעט, אַז „קיין זאַך קען ניט ביישטיין דעם שטאַרקן ווילן. וויל, און די גאַנצע וועלט וואַרפט זיך צו דיינע פיס".

נאַטירלעך מיינט דאָ י. ל. פּרץ ליכט אין אַן אַלעגאָרישן זין און — ס'איז אָפּהענגיק ווי מ'זעט עס. יעדער איינער זעט עס און נעמט עס אויף אַף זיין שטייגער: „זיי האָבן ליכט דערזען, נאָר יעדער אין זיין ווינקעלע, דורך אַן אַנדער גלאָז..." אַלע מאַכן די זעלבע ברכה אויפן ליכט, אָבער יעדער איינער זעט דאָס זעלבע ליכט פאַרשיידן אין און דורך אַן אַנדער קאָ־ליר און דאָ הייבט זיך אָן דער שטרייט. יעדער איינער איז גרייט זיין רעכט

און גערעכטיקייט צו באַווייזן, יעדער איינער קומט מיט זיין אמת און שרייט, אַז זיין אמת איז דער איינציקער און אויטענטישער און מע באַנוצט זיך צו דעם מיטן געוויינלעכן מעטאָד „מיט די ציין אין יענעמס פלייש די וואָרהייט צו באַשטעטיקן, צו באַפעסטיקן..." און ווי אַ פּועל־יוצא קומט די דריטע קאַטעגאָריע, וואָס איז אויך שוין אַ קאַטעגאָרישע, אָבער מער אָן אַנטפּלעקנדיקע און אַנטשיידנדיקע:

„ליגנער מוזן פאַרטיליקט ווערן, ליגנער האָבן קיין רעכט אויף לעבן; דער פאַרפירער, ווען ער איז מיין אייגענער ברודער, מוז שטאַרבן".

„און עס פלאַמט אויף דער גערעכטער צאָרן..."

אַט אַזוי וואַרפט מען זיך אין שטרייט פאַר דער וואָרהייט, —

„יעדער איז גרייט פאַרן אמת צו טייטן און געטייט צו ווערן..."

אָבער —

איז עס דער קאַמף פאַר אַ ריכטיקן ליכט?

„ויהי אור"! האָט גאָט געזאָגט. פאַרביקע לאַמטערן האָבן נאַרישע מענטשן געמאַכט".

„ליגנער זיינען זיי, פאַלש געשווירן האָבן זיי! איינער שווערט, אַז ליכט איז געל, דער צווייטער, אַז ליכט איז גרין, דער דריטער — רויט, און איך האָב אַליין געזען, אַז ליכט איז בלוי, איינפאַך בלוי!"

אין אַזאַ אופן פאָרמולירט י. ל. פרץ דאָס פּראָבלעם פון ליכט און פינצטער און פירט עס אַרויף אויף דער קאַטעגאָריע פון אַ סאָציאַלער עטיק און סאָציאַלער רעאַליטעט. ס'פּאַסט זיך אַריין אין זיין פּראָבלעם וועגן אמת און שקר, גוט און שלעכט און אין אַלע אַטריבוטן פון דער מענטשלעכער עטיק, און, י. ל. פרץ, וואָס ווערט פאַררעכנט פאַרן אויסגעשפּראָכענעם ראָמאַנטיקער, נעמט אויף דווקא די אַלע פּראָבלעמען אין אַ רעאַליסטישער שיין און ווירקונג. אויס דעם פאַרורטיילט ער און באַציט זיך נעגאַטיוו צו די ראָמאַנטיקער, וואָס זוכן בלויז דאָס ראָמאַנטישע אָבער ניט דאָס אוטיליטערע, ווי ער שטרייכט עס אונטער אין איינעם פון זיינע פעליעטאָנען „אין געמויזעכץ". צווישן אַנדערע זאָגט דאָרט י. ל. פרץ:

„ראָמאַנטיקער האָבן די „פמליה של מעלה" אויף טויזנטער אופנים באַזונגען; דערביי פלעגט מען פאַטריאָטן פאַרגלייכן צו שטערן, שטערן צו דאַמען־אויגן און די דאַמען אַליין צום הימל, אויבנישט נאָר צום גהינום; די פילאָזאָפיע האָט באַזעצט די פרומע געשטאָרבענע נשמות אין דער פוילע דיניע אַריין..."

„קורץ — עס האָט גאָרניט געפעלט! דאָס לעבן האָט געהאַט אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן!

מיט דער צייט האָט מען צוגעמאַכט אַ קאָדעקס מיט הונדערטער פּירושים, עס האָבן זיך אַריינגעפירט טויזנטער מנהגים! און

אַז אַ ווערעמל האָט זיך פאַרגלוסט עפּעס אַ שינוי, איז געגנוג געווען,
עס זאָל זיך דערמאָנען, וואָס די „וועלט" וועט זאָגן דערויף — עס
זאָל רויט ווערן, חרטה קריגן! און תשובה טון!"

אין די ווערטער געפינט מען אַ שאַרפע קריטיק אויפן קאָנווענציאָ־נעלן, מיט וואָס די ראָמאַנטיקער האָבן דורכגעדרונגען דאָס לעבן און י. ל. פּרץ קריטיקירט דאָ מיט אַ פּאָר ווערטער סיי די אַריינגעפירטע פילאָזאָפיע, וואָס איז אויך ניט מער, ווי אַ קאָנווענענץ; דאָס אַריינפּאַסן דאָס לעבן אין סדום־בעטל פון פירושים און מנהגים. ס'קען מאַכן אַן איינדרוק ווי י. ל. פּרץ זאָל זיך האַלטן ביי אַ מין אַנאַרכיסטישער פילאָזאָפיע, אָבער ס'איז גאַנץ אַנדערש. ס'איז קלאָר, אַז י. ל. פּרץ האָט געהאַלטן פון אידעאַליזם און האָט שאַרף אונטערגעשטראָכן דעם ווערט פונעם אידעאַליסטישן פאַר דער פאָרמירונג פונעם לעבן, אָבער ער האָט געשטרעבט, אַז דאָס אידעאַ־ליסטישע זאָל זיך וויקלען ניט אין טראַנסצענדענטאַלע פאָרמען, נאָר אין אַבסאָלוט־פּאָזיטיווע, דורכגעדרונגען מיטן אוטיליטערן. און אום צוצוגעבן מער רעליעף, מער שאַרפקייט אין אויסדרוק האָט ער פאַר דעם באַנוצט זיין באַליבטן מעטאָד פון אַלעגאָריע. י. ל. פּרץ איז אייגנטלעך הוילע אַלעגאָריע און האָט דעם מעטאָד באַנוצט ניט נאָר ביים פאָרמולירן אידייען און מוסר־השכלים, נאָר אויך ווי אַ טרעפלעכן מעטאָד צו קריטיקירן די קאָנווענציאָ־נעלע ליגנס פונעם לעבן, אַנווענדנדיק עס אויף יחיד, ווי אויף דער געזעל־שאַפט.

מיט דער אַלעגאָריע קען מען זיך באַנוצן אויף צוויי אופ־נים: אָדער ווי אַן אַלגעמיינער אויסדרוק־שטייגער, אָדער ווי אַן אינטער־פּרעטאַציע-מיטל, דאָך האָט י. ל. פּרץ פאַרווענדעט די אַלעגאָריע פאַר אַ גאַנץ אַנדערן צוועק, — פאַרן צוועק פון קריטיקירן, דערצו אויף אַן אופן פון אַ פּילפּול, אויף אַ דיאַלעקטישן שטייגער. און וואָס דערגרייכט מיט דעם י. ל. פּרץ? ס'איז כדאי דערביי צו ברענגען די מיינונג פונעם פראַנ־צויזישן פילאָזאָף קלאָד טיסאָ וועגן דעם ווערט און באַטייט פון דער אַלע־גאָריע. „די אַלעגאָריע", פאָרמולירט ער, — „איז די אוניווערסאַלע פיגור דורך וואָס דער מענטשלעכער מין איז אַריין אין דער אינטעלעקטועלער און מאָראַלישער אָרדענונג", י. ל. פּרצעס שאַפן איז דורכגעדרונגען מיטן אינטעלעקטועלן, די עטיק ווידער איז איינע פון די וויכטיקסטע אידייען פון זיין שאַפונג־פּראָצעס, באַנוצט זיך י. ל. פּרץ מיט דער אַלעגאָריע צום קריטיקירן די מאָראַלישע נאָרמעס אין זייער פאַרוואַנדלט ווערן אין קאָנ־ווענציאָנעלע ליגנס. אויסער דעם דינט אים די אַלעגאָריע צום אויסדריקן אידייע אין סימבאָל, פאַרווענדנדיק דערביי אויך אַנטראָפּאָפאָרמיסטישע עלעמענטן. י. ל. פּרץ האָט בדרך־כלל באַרירט די עטישע פּראָבלעמען אין אַן אַלעגאָרישער פאָרם און האָט דערביי אויך ניט אויסגעמיטן דעם אנימיס־טישן עלעמענט, באַזונדערס אָפּגעשפּיגלט אין זיין אַלעגאָריע „העכט", —

דער פארגלייך העכט, קארפן און פלאטקעס האבן זייער זין און צופאַ־סונג פאר קריטיקירן די פסיכאלאגיע פונעם יחיד אין זיינע טאטן און אספיראציעס.

און פונקט ווי י. ל. פרץ ווענדעט אָן די עטישע מאמענטן פארן סאָ־ציאלן לעבן פונעם יחיד און געזעלשאפט, אזוי ווענדעט ער עס אָן אויך פארן פסיכאלאגישן כאראקטעריזירן. ווי געזאָגט, איז דאָס עטיש־סאָציאלע פאר אים ניט א טראנסצענדענטאלקייט, נאָר א אוטיליטערע קאטעגאָריע, אוטיליטער פארווענדעט און דעריבער איז נעגאטיוו זיין באציונג צו די אינדיווידואומס, וואָס באגרייפן ניט זייער אָרט אין לעבן, גייען ווי א שטן און לעבן אין א הוילער פאסיוויטעט. אלעס מוז זיין אין באוועגונג. די מענטאליטעט, דאָס פילן: דאָס עטישע און דאָס סאָציאלע, ווייל אַנדערש האָט עס ניט קיין ווערט און דער מענטש גופא ווערט צעריבן, ווערט דער אומנוצלעכער „נישט". דאָס ערדישע פאָדערט פונעם מענטש באַוועגלעכ־קייט, אַקציע און אויב י. ל. פרץ האָט אויסגעוויילט פאר איינער פון זיינע דערציילונג־אלעגאָריעס אזא פערסאָנאזש ווי באָנציע שווייג איז עס מיטן כיוון פון א שארפער קריטיק קעגן אַט די אַלע, וואָס באגרייפן ניט זייער זיין און זין אין לעבן. אין תוך קען מען באַטראַכטן זיין „באָנציע שווייג" ווי א פשוטע סאטירע קעגן די אַלע קליינע מענטשעלעך, וואָס פילן זיך אליין ווי אָן איבריקער באלאסט אין לעבן, — דאָרט קריטיקירט ער און פארורטיילט די קליינע מענטשעלעך, די איינזאמע און שוויינגדיקע נשמות מיט זייערע נישטיקע השגות, — אַט די אַלע, וואָס זיינען „שטיל גע־בוירן, שטיל געלעבט, שטיל געשטאָרבן און נאָך שטילער באגראָבן", „שטיל איז פאר י. ל. פרצן ניט קיין ענין, שטיל און טויט שטייען ביי אים אויפן זעלבן ניוואָ, אידענטיפיצירן זיך און דעריבער קען מען ניט באַטראַכטן זיין „באָנציע שווייג" א פשוטע סאטירע, ווייל דעמאָלט פארלירט די זאך איר גאנצן אלעגאָרישן ווערט און איבערהויפט די עטיש־סאָציאלע אי־דייע, וואָס ער איז אויסן צו אילוסטרירן. דאָ שטעלט שוין י. ל. פרץ דאָס פראָבלעם פונעם מענטש, וואָס פילט און לעבט אין א שטענדיקער שאָפל־דיקייט, — אזא מענטש איז ערגער ווי טויט, ווייל ער איז ניט פעיִק צו רעאליזירן דאָס מינדסטע, וואָס ער קען זיך פאָרשטעלן אפילו אין דמיון. אָט ווי י. ל. פרץ כאראקטעריזירט באָנציען:

„ער איז צוביידע געוווינט! (שׂ ר ע ק  א ו ן  ט ע ו ת)
נישט איינמאָל האָט אים אויף יענער וועלט געחלומט, אז ער קלייבט געלט אויף דער פאָדלאָגע, גאנצע אוצרות ליגן... און אויפ־געכאפט האָט ער זיך נאָך א גרעסערער קבצן, ווי נעכטן... נישט איינמאָל האָט אים עמעץ פאר טעות צוגעשמייכלט, א גוט וואָרט געזאָגט און איבערגעדרייט זיך און אויסגעשפיגן".

נו, איז אפשר באַנציע אַ מענטש אַן אַ פּסיכאָלאָגיע? באַנציע געהער איבערהויפּט צו די נישטיקע מענטשן, צו די מענטשן אַן אַ פּסיכאָלאָגיע, — מע קען אים דעפינירן באַנציען ווי דעם מענטש אַן אַ כאַראַקטער, אָבער ס׳איז ניט אַלעס. ס׳הויפּטזעכלעכע איז, וואָס באַנציע איז דער אויסדרוק פון אַ העכסטער פּאַסיווּיטעט, אַ מענטש אַן וועלכן עס איז רעאַקציאָנירן:

„ער האָט זיך קיינמאָל — הייבט אָן ווייטער דער מליץ יושר — אויף קיינעם נישט געקלאָגט, נישט אויף גאָט, נישט אויף לייט; אין זיין אויג האָט קיינמאָל נישט אויפגעפלאַמט קיין פונק פון האַס, ער האָט עס קיינמאָל נישט אויפגעהויבן מיט אַ פּרעטענזיע צום הימל״.

איז עס די מעלה פון גוטסקייט? און וואָס איז דען אייגנטלעך באַנציע? דער מענטש, אינדיפירענט צו אַלעס און אַלעמען. יעדער ערשטער קען אים באַוואָלהן און ער וועט ניט רעאַגירן, וועט זיך ניט פאַרטיידיקן. און ער טוט עס ניט אויס אַ באַזונדערער צידקות, נאָר ווייל ער וויל ניט אָנשטרענגען זיין אייגענעם ווילן. ער איז דערגאַנגען צו אַזאַ שטופּע פון פּאַסיווּיטעט, אַז ס׳פעלט אים שוין דער עלעמענטאַרער ווילן און פּאַר אַזעלכע מענטשן האָט י. ל. פּרץ מורא. מיט אַזעלכע מענטשן קען געמאָלט זיין, אַז ווען ס׳וועט שוין אפילו קומען דער טאָג פון גאולה, וועלן זייערע השגות זיין קליין ממש צו אַ חוזק. און דאָס אייגנטלעך געשעט דאָך אויך מיט באַנציען. באַנציע איז אָפּגעקומען אויף דער וועלט. לויט דער מעסוירע וועט ער דערפאַר האָבן יענע וועלט, מ׳נעמט אים אויף דאָרט מיט פּאַראַד, אָבער וווהין גרייכט באַנציעס השגה? זי גייט ניט ווייטער ווי צו וועלן האָבן „אַ בולקע מיט פּוטער״ און אפילו, דאָרט, אויבן קען מען עס אויך ניט פאַרשטיין:

„דאָרט האָט מען זיך ניט פאַרשטאַנען דערויף! דו אליין האָסט נאָך אפשר נישט געוווּסט, אַז דו קענסט שרייען, און אַז פון דיין געשריי קענען יריחו׳ס מויערן ציטערן און איינפאַלן? דו אַליין האָסט פון דיין פאַרשלאָפענעם כוח נישט געוווּסט...

„אויף יענער וועלט האָט מען דיין שווייגן ניט באַלוינט, נאָר דאָרט איז דער עולם השקר, דאָ, אויפן עולם האמת, וועסטו דיין לוין באַקומען!

„דיר וועט דאָס בית־דין של מעלה נישט משפּטן, דיר וועט עס נישט פּסקנען.

„דיר וועט עס קיין חלק נישט אויס און נישט אָפּטיילן... נעם דיר, וואָס דו ווילסט! אַלעס איז דיין!״

י. ל. פרץ שטעלט באַנציען צו זיין אייגענעם משפט, שטעלט אים צווישן עולם־השקר און עולם־האמת, אָבער באַנציען פעלט דער באוווסט־זיין, אַז ער זאָל עס קענען פארשטיין און באנעמען. באַנציעס שוויינן קומט אויס דער אבסאָלוטער פאַסיוויטעט און ווילן צו אַ באוווסטזיניקייט און דעריבער האָט ער אויך ניט קיינע השגות און האָט ער וועלכע ס'איז השגות ווערן זיי רעדוצירט צו אַ נישטיקייט. און מיט דעם האָט י. ל. פרץ געוואָלט אילוסטרירן דעם ווערט פונעם מענטש, וועמען ס'פעלט דער נשמה אומרו, ווי אַ באוווגנדיקער פאַקטאָר צו פּאָזיטיוון טאַט און אַק־ציע.

וויל מען, קען מען „באַנציע שווייג" באַטראַכטן ווי אַ מוסר־השכל. ס'איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז י. ל. פרץ האָט עס טאַקע געזען אין אַן ענ־לעכן ליכט, אָבער שוין דער אַלגעמיינער געדאַנק און אידייע בעטן זיך ממש אויף אַ פּסיכאָלאָגישער אינטערפּרעטאַציע, דערצו איז דאָ בולט די סאָציאַלע באַזע, אויף וועלכער ס'קומען דער אויבער־בנין, — דאָס דער־ציילעריש־אַלעגאָרישע אין דער פאָרם פון אַ סימבאָל, אונטערגעשטראָכן ווי אַ סימבאָל, אָבער ניט סימבאָליש.

אויף אַזאַ שטייגער באַנוצט י. ל. פרץ דאָס אַלעגאָרישע אויף פאַר־שיידענע אופנים, סיי פאַרן עטיש־סאָציאַלן, סיי פאַרן עטיש־פּסיכאָלאָ־גישן און אויב אין „באַנציע שווייג" שטרייכט ער אונטער דאָס האָמאָ־פּסיכאָלאָגישע, ברענגט ער אַרויס שוין אינעם מאָנאָלאָג „דער שטריימל" דאָס סאָציאַ־פּסיכאָלאָגישע. ס'איז דער סאָציאַלער סימבאָל פון אַזאַ מחשבותן, ווי —

„אויך בין איך געוואָר געוואָרן, אַז ערד איז דאָ ווייניק, פּוי־ערים — אַ סך... מען זאָגט: צופיל... אַז די „איבעריקע" פּויערים ליידן הונגער; אַז אַפילו פון זעקס מאָרג ערד קען מען אויך נישט לעבן, אַז ווינטער, דעריבער, רוט דאָס פויערל אויך נישט", —

אָדער,

„איך האָב אַ מיעסע טבע געקריגן: איבער וואָס איך זע האָב איך ליב צו קלערן: פון וואַנען עס קומט? פאַרוואָס עס איז אַזוי? צי קען נישט אַנדערש זיין? און אַזוי ווי איך קריג לייבל מילגערס פּעלץ אין דער האַנט אַריין, הייב איך אָן צו קלערן: רבונו של עולם! נאָך וואָס האָסטו באַשאַפן אַזוי פיל מינים פּעלצן? פאַרוואָס האָט איינער אַ שאָפּן־פּעלץ, דער צווייטער אַ טרענער־פּעלץ, און דער דריטער אַ סערמיענגע און אַ פערטער גאַרנישט?".

לפנים איז עס נאָר מעדיטאַציע, אָבער ס'גרייכט צו דער קאַטע־גאָריע פון אַ סאָציאַלער פילאָזאָפיע, וואָס באַרירט קאָנקרעטע סאָציאַלע פּראָבלעמען. דאָך איז י. ל. פרץ ניט אויסן צו באַגרענעצן זיך נאָר מיטן

סאָציאַלן, זיינע בליקן גייען פיל ווייטער און אים אינטערעסירט, ווי ס׳רעגט אָן צו אַ מחשבותן אין אַ קאָנקרעטן באַוווּסטזיין און געוויסן. פּונקט ווי דער שטריימל איז אַ סאָציאַלע קאַטעגאָריע, איז ער אויך אַן עטישע און י. ל. פּרץ וועבט אריין אין דעם פּסיכאָלאָגישע מאָמענטן צו־ליב מער רעליעף פאר דער סימבאָל־ווירקונג און אינעם געגעבענעם פאַל איז עס אויך אַן אורטייל אויף די געזעלשאַפטלעכע פּאָרורטיילן און גע־זעלשאַפטלעכער קוואזי־מאָראַל, ווי —

„און דער גאַנצער כילעק איז געווען, וואָס דאָס ערשטע איז געשען אויפן שול־הויף, אויפן אַלטן בערגל מיסט, אונטער אַ ברוי־דיק שטיקל וואַלנצייג מיט באַזילבערטע אותיות... נאָר מיטן שטריימל — און דאָס צווייטע איז געשען ערגעץ אין אַ זינגנדיקן וואַלד אויף פרישן גראָז מיט פרישע בלומען אונטער גאָטס בלויען הימל, אוסגעזיייט מיט זיינע שטערן, נאָר — אָנ׳ם שטריימל".

„עס העלפן ניט קיין שמעקנדיקע בלומען, קיין זינגנדיקער וואַלד, נישט קיין גאָטס הימל, נישט זיינע שטערן, נישט גאָט אַליין! —

„נישט אין זיי אַלע שטעקט די גבורה, — אין שטריימל שטעקט זי!"

קיינער האָט זיך ניט דערהויבן צו אַזאַ שאַרפער קריטיק איבער דער קאָנוועַנציאָנעלער מאָראַל, קיינער האָט ניט ארויסגעבראַכט אַזאַ בונטאַ־רישע אפּיקורסות קעגן די פאַרשיידענע מאָראַל־פאָרורטיילן, ווי י. ל. פּרץ און טאַקע דערפאַר, ווייל דעם עטישן אידעאַל האָט ער באַטראַכט ווי אַן עיקר־העיקרים, ווי אַ באַוועגנדיקע קראַפט פאַרן פּראָבלעם פון גוטס און שלעכטס, אַנטשיידנדיק פאַרן אינדיווידועלן און געזעלשאַפט־לעכן באַוווּסטזיין און געוויסן, אָבער אין אַ געוויסער מאָס שטעלט ער אויך אונטער אַ שאַרפער קריטיק דאָס גוטע, וואָס גייט אויף פּשרות מיטן שלעכטן און טאָלערירט דאָס שלעכטע, ווי ער ווייזט עס אין דער דערציילונג „הורמוז און אחרימון". אויך דאָ פעלט ניט י. ל. פּרצעס ספּע־ציפיש־סאַטירישער טאָן, ווייזנדיק ווי ס׳גייט דער שפּיל צווישן גוטס און שלעכטס און ווי אַזוי דאָס שלעכטס ווייזט זיך אַזוי אריינצופּאַסן אינעם גוטן, אַז ס׳ווערן לחלוטין פאַרווישט די גרענעצן צווישן די סתי־רותדיקע דערשיינונגען, —

— „הורמוז, למשל, כאַפּט זיך אַמאָל אויף און דערזעט, ווי אַן אָרימאַן אַרבעט שווער און האָט קיין פּרנסה נישט, אַ גוט האַרץ האָט ער, געלט אין אוצר פעלט נישט, כאַפּט ער עטלעכע קאָפּיקעס אין אַ זעקל און וואַרפט אַראָפּ דעם אָרימאַן...

„פריער פלעגט אהרימון שיקן גזלנים אָדער גנבים, אָדער א
שריפה, אוועקצונעמען דעם גוטן גאָטס מתנה ביים אָרימאַן. עס
האָט אָבער נישט געווירקט: הורמוז הייבט אָן געבן און געבן, און
וויל ער, שטעלט ער גאָר דאָס מזל ביים אָרימאַנס טיר, און דער
ווערט רייך און גליקלעך!"

„היינט טוט אהרימון אנדערש!

„הורמוז האָט געגעבן אַן אָרימאַן עטלעכע קאָפּיקעס, זייער
גוט! ער קריגט זיך נישט מיטן עלטערן ברודער! פאַרקערט, ער
לערנט זיך גאָר אָפּ פון אים, ער וויל אויך א גוטער ווערן! און ער
וואַרפט צו דעם אָרימאַן נאָך א פּעקל — און סאַמע גאָלדענע רענד־
לעך!

„פון אָרימאַן ווערט א גביר, דער זאַק מיט גאָלד וואַקסט, און,
וואָס מער ער וואַקסט, מער מאַגנעט ווערט ער, צער ציט ער צו
זיך צו! און דער געמאַכטער גביר צווישן סאַמע אָרימעלייט קען
נישט זיין גליקלעך! ער קען אפילו נישט רויק שלאָפן... די אָרי־
מעלייט ארום שלאָפן אוודאי נישט!..."

ס'איז אַלץ דאָס זעלבע פּראָבלעם פון גוט און שלעכט, וואַריאירט
אויף פאַרשיידענע אופנים און י. ל. פּרץ פירט אויס, אַז אינעם פּראָבלעם
פון רייך און אָרים, ווו דאָס רייך זיין איז א פּשוטע צופעליקייט, פילן
זיך גלייך אומגליקלעך און ניט באַפרידיקט סיי דער רייכער סיי דער
אָרימער. דערצו זיינען די גרענעצן אַזוי פאַרווישט געוואָרן, אַז מ'קען שוין
מער ניט אונטערשיידן „בין טוב לרע" און א דערשיינונג, וואָס ווייזט
אויס, דאַכט זיך, צו דינען דעם גוטן, ווערט גאָר א עיקר פון שלעכטס.
אַזוי שפּילט עס זיך אָפּ אויף דער שטופע פונעם סאָציאַלן, אין די ראַמען
אפילו פון סאָציאַליסטישע באַגריפן. אַזאַ מחשבותן נעמט אריין י. ל.
פּרצן אין א צווייטער קאַטעגאָריע, ענג געבונדן און קרוביש מיט דער
סאָציאַלער, — אינעם מחשבותן קומט ער ארויף אויפן נאַציאָנאַלן, גלייכ־
געשטעלט ביי אים צו א נאַציאָנאַלער קאַטעגאָריע. אויך צו דער קאַטע־
גאָריע ווענדעט אַן י. ל. פּרץ א קריטישע מאָס און ווייזט, ווי די קאַטע־
גאָריע פאַרלירט איר זין און ענדערט זיך אין אינהאַלט, ווען ס'ווערט
באַגלייט פון אַן איבערגעטריבענעם פילן, טאַקע ווייל דאָס נאַציאָנאַלע
איז אַן ענין ניט פון א פילן, נאָר פון א באַוווּסטזיניקער גרייטקייט זיך
מקריב צו זיין. י. ל. פּרץ דעפינירט עס אויפן ווייטערדיקן שטייגער אין
דער זעלבער מעשה „הורמוז און אהרימון":

„הורמוז, אָדער דער יצר־טוב, גיט אונדז געפיל צו ליבן
אונדזערע נאָענטע, אונדזער פאָלק, אונדזער אָרים פאָלק פאַר
וועלכן מיר ווילן אַרבעטן און אָפּפערן זיך; וואָס טוט אהרימון אָדער

> דער יצר הרע? ער דערלאנגט נאך אביסל געפיל, עס ווערט פון נאַציאָנאַליזם-שאָוויניזם, פון רייכן געפיל אַן עקלהאַפטער שאַרלאַטאַנען־פאַנאַטיזם, וואָס וואָרימט נישט און לייכט נישט, נאָר ברענט אין דער פינצטער און קען אונדז אליין פאַרברענגען!..."
>
> „אַן אָרים פאַרוואָגלטער נע־ונדניק זוכט זיך אַ דאך איבערן קאָפּ, אַ רויִק שטיקל אָרט, ווו זיך אַנידערצולייגן, ווו די ביינער אויסצורוען, אום אויפצושטיין מיט אַלע גלייך, צו דער נייער אַרבעט, — אַלע פאַר אַלע!... דעם געדאַנק האָט אים איינגעפלעסט הורמוז... וואָס טוט אחרימון? ער מאַכט פון דאַך, פון רו־בעט, אַן אייביקן, הויכן צוועק, אַן אידעאַל און מיר..."

דרינגט מען אריין אינעם געזאָגטן, פירט מען אויס, וויפל פּראָבלעמען י. ל. פּרץ באַווייזט אַרומצונעמען מיט איין אָטעם־צוג און אַלע פון אַן עטישן כאַראַקטער. ליבע צום פאָלק און זיך מקריב זיין פאַרן פאָלק איז די העכסטע עטישע קאַטעגאָריע, וואָס ס'קען נאָר זיין, אָבער ער שטרייכט אונטער, אַז אפילו אין דעם איז פאַראַן דער קאַמף און צוזאַמענשטויס צווישן דעם יצר־טוב און יצר־הרע. דערצו ענדערט ער אויך די באַקאַנטע עטישע מעזע פון „איינער פאַר אַלע" און „אַלע פאַר איינעם — י. ל. פּרץ שטעלט אַוועק די טעזע אין אַ מער קאָנקרעטן און שאַרפערן אויסדרוק, — „אַלע פאַר אַלע" און ס'איז די ריכטיקע קראַפט פון כּלליִשן. ס'איז אַ גאַנץ אַנדערער באַוווּסטזיין, ווו ס'פאַרשווינדט יעדער עגאָיִסטישער פּרינציפּ. יעדער אומרעכט, און, מעגלעך אַז דאָס איז אויך די נייע אידייע, וואָס ס'זוכט י. ל. פּרצעס שמאי ראַטמאַן אין דער דערציילונג אונטערן זעלבן נאָמען. פּונקט ווי י. ל. פּרץ איז אויסן אויפצוקלערן און קאָנקרעטיזירן דאָס עטישע פּראָבלעם פון גוטס און שלעכטס, אַזוי גייט אריין אינעם זעלבן קרייז אויך דאָס פּראָבלעם פון אמת און שקר. דער אמת איז פאַרהאַסט, פאַרן אמת האָט מען מורא, ווייל —

> „מיר האָבן ליב דעם שקר, נישט נאָר דערפאַר, ווייל ער איז אויסגעקעמט, אויסגעפּוצט און שמעקט פון פּערפום, נאָר ווייל ער איז זיכער, און זאָגט אַלץ אויף זיכער, גלייך ער וואָלט דערביי געווען".
>
> די מענטשן וואָלטן אייגנטלעך אויך אויסגעהאַלטן דעם אמת, נאָר, — זאָל ער פריער זיך אָפּשניידן די נעגל און נישט אויסדראַפּען, ריידנדיק די אויגן; זאָל ער נישט אַרומגיין נאַקעט און באָרוועס אין די גאַסן, חברן זיך מיט שניידער און שוסטער יונגען..."

דאָס מחשבותן דרינגט אריין אין דער קאַטעגאָריע פון אַ סאָציאַלער פילאָזאָפיע, ווו דאָס פּראָבלעם פון גוטס און שלעכטס, ווי דער יסוד פון דער עטיק, וויקלט זיך אויס אין אַ פּרינציפּ און פּראָבלעם פון אמת און

שקר... און פון דעם דרינגען ארויס אויף אלע אנדערע זאכן, וואס קענען באריידן דאס לעבן און דענקען פונעם יחיד, ווי פון א גאנץ פאלק. ס'איז מערקווירדיק, ווי י. ל. פרץ נעמט אויף די אלע זאכן, אמאל אלעגאריש און אמאל סאטיריש. שמאי ראטמאן, וואס קומט מיט דער אידייע צו שאפן א נייע אידייע אדער חברה אן א „איזם" איז פארגעשטעלט מער קאמיש, ווי סאטיריש, טאקע ווייל ער וויל אלעס רעדוצירן צו „קלערן דארף מען", בעת „דער דונער שלאגט און שלאגט, מענטשן ארבעטן מיטן לעצטן אטעם און ער קלערט..." י. ל. פרץ קומט אריין דא אויך אינעם געביט פון דער אזוי גערופענער „אפליקירטער פסיכאלאגיע" און ס'דינט אים אויפצוקלערן א גאר וויכטיקן פראבלעם, ווי „און וואס האט מען פון דער היסטאריע?". אמת, י. ל. פרץ מאכט עס אין א פעליעטאן־מעסיקן שטייגער, און ער טוט עס אזוי. ווייל צו יעדער אויפן מחשבותן האט ער א צוגעפאסטע, א געהעריקע פארם. אויך דער פעליעטאן, פונקט ווי די אלעגאריע, דינט ביי אים צום פארמולירן פראבלעמען און פרובירן זיי צו פארענטפערן. און דערביי טיילט ער ניט אפ דאס יחידישע פונעם כללי־שן, ווייל וואס איז דען די קאלעקטיווע פסיכאלאגיע אויב ניט א רעזומען פון די יחידישע, אפליקירטע פסיכאלאגיעס? דאס אנווענדן דאס פסיכא־לאגישע עפנט אים א וועג צום רעדוקטיוון און די רעדוקציע דינט אים צום דעפינירן דעם כאראקטער און ווערט פון געשיכטע, אין אנווענדונג אויף יחיד און כלל. י. ל. פרץ רעדוצירט:

„זעט איר! איין זאך אבער מוזט איר נאך פארשטיין, אז
נישט נאר א מענטש, נאר אויך א פאלק דארף האבן א זכרון! און
א פאלקס־זכרון איז די היסטאריע! אן היסטאריע — ווי א מענטש
אן זכרון — קען קיין פאלק נישט קלוגער, נישט בעסער ווערן!"

י. ל. פרץ אונטערשיידט אינעם עטישן צוויי עלעמענטן: דער עיקר־דיקער דער סאציאלער, וואס געהער צום אימאנענטן, און דער פסיכאלא־גישער עלעמענט, געהעריק צום טראנסצענדענטאלן. ביידע עלעמענטן נעמט ער ניט אין זייער צעטיילטקייט, נאר דווקא אין זייער גאנצקייט, אין זייער זיין סינטעזירט אינעם עטישן. דאס אימאנענטע און דאס טראנסצענדענטאלע אינעם עטישן גיין ביי אים האנט ביי האנט, זיינען צווישן זיך פארבונדן און באווירקן זיך אפטמאל קעגנזייטיק. אן עוולה, צום ביישפיל, קען האבן א שייכות סיי צום סאציאלן, סיי צום פסיכא־לאגישן; קען זיין פון אן אימאנענטן אדער טראנסצענדענטאלן כאראק־טער, אפהענגיק פון דער נאטור פון דער באגאנגענער עוולה. איז די עוולה א ממשותדיקע איז זי פון א סאציאלער קאטעגאריע, דאס מחשבותן ווידער ארום דער עוולה איז שוין א פסיכאלאגישע קאטעגאריע. און אין אזא שטייגער דערשיינט י. ל. פרצעס פרוש אין דער דערציילונג „דער פרוש

מיטן בער״: „ער וויל דערגיין, פונוואַנען עס נעמען זיך גאָר איינגאַנצן די עוולהם!״ זיך אָפּזונדערן פון דער וועלט איז אַ פּסיכאָלאָגישער צו־שטאַנד. ס׳גרענעצט זיך מיטן פּסיכאָלאָגישן, וואָס רעגט אָן צום מחשבותן, צום וועלן אויסגעפינען דעם יש און עיקר, זאָגט י. ל. פּרץ מיטן מחשבותן, פון דעם ייִדן, וואָס איז צוליבן ניט קענען פאַרטראָגן קיין עוולהם געוואָרן אַ פּרוש:

„די עוולהם קומען דערפון, וואָס די נשמה פון דער וועלט איז איינגעשלאָפן, און עס איז נישט אַזוי ווילד, ווי עס דאַכט זיך.

„למשל: דער עולם קטן — אַ מענטש. כל זמן די נשמה איז וואַך, טוט ער, וואָס עס טויג אים, פלאַנמעסיק, על פּי שכל, אַלע עברים פאָלגן די נשמה. שלאָפט אָבער אַ מענטש איין, די נשמה — דער מושל איבערן גוף, דרימלט איין, הייבט אָן דער גוף צו וואַרפן זיך אָן סדר, אָן אַ ציל און יעדעס אבר פאַר זיך, איין האַנט אַהין, די אַנדערע אַהער, דער קאָפּ באַזונדער, אָן שכל... און מען קאָן גע־שעדיקט ווערן...

„עוולהם זיינען אָן שכל... די וועלט וואַרפט זיך, צאַפּלט אָן אַ סדר; און די נשמה פון דער וועלט איז איינגעשלאָפן, און יעדעס שטיק וועלט טוט זיך זיינס, נישט לטובת הכלל...״

קלאָר דער געדאַנק און קלאָר די אידייע! „דער פּרוש מיטן בער״ איז מער אַ מעדיטאַציע, ווי אַ דערציילונג, אַ אַלעגאָריע צום אונטער־שטרייכן סאָציאַל־עטישע פּראָבלעמען. י. ל. פּרץ איז אויסן אונטערצו־שטרייכן, אַז ס׳פעלט האַרמאָניע אינעם מענטשלעכן כלל און אַלץ צוליב דעם, ווייל די וועלט איז באַהערשט פונעם „עגאָיִזם״ (ניט פאַרמישן מיט עגאָיִסטישן) און מ׳ווייכט פונעם אַלטרויִסטישן, וואָס וואָלט ביים כלל באַדאַרפט זיין אָן עיקר. אָבער ווי דערגרייכט מען דאָס אַלטרויִסטישע? אַזוי טויכט אויף דאָס פּראָבלעם פון וואָרט און טאַט, אָבער ביי י. ל. פּרצעס פּרוש איז עס גאַנץ אַנדערש. אנשטאָט וואָרט קומט ביי אים די מחשבה, די כוונה און איז דען געגנוג די כוונה מ׳זאָל מיט איר קענען וועקן דעם געוויסן פון דער וועלט? זאָל מען אָננעמען, אַז די וועלט, אָדער די נשמה פון דער וועלט איז איינגעשלאָפן, ווי ס׳שלאָפט דער בער אין די טיפע ווינטער־חדשים, אָדער גאָר, אַז דער בער איז דער כלל גופא, הייבט זיך אָן ביים יחיד און זיינע כוונהס דער קאַמף מיט דער וועלט, וואָס פאָדערט און דאַרף האָבן טאַט:

„מיט גרימצאָרן קוקט אַרויף דער בערס פּרוש, אָדער מיט רחמנות און ליבשאַפט קומט דער פּרוש אַראָפּ צום בער און עס ווערט אַ מלחמה צווישןביידע פיר אויגן, צווישן די אויגן מיט ליבשאַפט און רחמנות און די אויגן מיט האַס און גרימצאָרן״.

„זיינען אָבער דעם פּרושעם אויגן שטאַרקער און הייבן אָן
גובר זיין די אויגן פון בער".

„לאַנג, לאַנג האָט געדויערט די מלחמה, צווישן צוויי פּאָר
אויגן, צווישן צוויי הערצער און צוויי נשמות".

דער אויספיר איז, אַז „דער פּרוש, וואָס שלאָפט שוין צוזאַמען מיטן בער, וועט די נשמה פון דער וועלט ניט וועקן", מאַקע, ווייל „דער בער איז געוואָרן אַ שטיק מענטש און דער מענטש אַ שטיק בער". און אַזוי דרינגען אַרויס ביי י. ל. פּרץ די פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס פונעם עטישן, פונעם פּראָבלעם גוטס און שלעכטס:

— עגאָיזם און אַלטרויזם,
— ליבשאַפט און רחמנות,
— האַס און גרימצאָרן,
— וואָרט און טאַט,
— מענטשלעכעס און אַנימאַלישעס,
— האַרץ און נשמה,

פּ'זיינען אַלץ די קאַטעגאָריעס פון י. ל. פּרצעס עטישע פּרינציפּן און די אַלע פּראָבלעמען געפונען זייער ווייטערע אַנטוויקלונג אין „די אַכטע אָפּטיילונג פון גהינום". אויך דאָ קומט דאָס פּראָבלעם פון אמת און שקר, דעטערמינירט אינעם דואַליסטישן פונעם מענטש. אינעם ערשטן, —

„און איך רעד, און איך הער מיך צו צו מיינע רייד: איך האָב נחת פון זיי! איך בין דער העלד, האַלט מלחמה פאַר אַלץ, וואָס איז שיין און גוט. איך בין דער קעמפער פאַר פרייהייט און פאַר אַלע גוטע, זיסע און שיינע זאַכן".

„און איך רייס אַרונטער די מאַסקע פונעם שקר און שטעל אים צום שאַנדזייל..." איך רייס פון אים אַראָפּ די קליידער פון לייב און שטעל אים בלויז — פול קרעץ און וווּנדן..."

און דאָס צווייטע, —

„ריידנדיק האָב איך נישט ווילנדיק די אויגן אויפגעהויבן, און אַנטקעגן מיר איז אַ שפּיגל געהאָנגען, און איך האָב מיך דער־זען, מיינע אויגן דערזען: אַ שלעכטער גלאַנץ ברענט אין זיי, אַ מאָדנע פייערל".

גוט און שיין גייען אויף איין מדרגה, ווייל דאָס עטישע פאַרורזאַכט אויך דאָס עסטעטישע, אָבער וואָס י. ל. פּרץ איז דאָ אויסן איז, אַז דער אמת איז אָפּטמאָל און אין רוב פאַלן ניט מער ווי אַ קאָנווענציאָנעלער שקר. ער איז עפּעס אַנדערש אין זיין אויסערלעכער דערשיינונג און אַ גאַנץ אַנדערער אינעם אינערלעכן. אין דער „אַכטער אָפּטיילונג פונעם

גיהנום״ ווערט דאָס קאָנווענציאָנעל־שקרדיקע פון דער עטיק פאַרבינדן מיטן פּסיכאָלאָגיש־קריטישן. און ניט אָן אַ כיוון נעמט י. ל. פּרץ די מעדיטאַציע אין דער פאָרם פון אַ וויזיע און ניט אָן אַ פּאַרוואָס באַציט זיך י. ל. פּרץ אויפן „שבט מוסר״. ס׳איז דער ציל צו פירן אַ פּאַראַלעל צווישן דעם עטיש־פּסיכאָלאָגישן, וואָס הערשט און דעם, וואָס ס׳וואָלט באַדאַרפט זיין. דער „שבט מוסר״ איז דער ביישפּיל פונעם אמתדיקן מענטש, דער פּעסט־איבערצייגטער, אויסגעצייכנט אינעם תמימותדיקן און אָן ספיקות:

„אַ קליינינקער איז ער דער „שבט מוסר״, אָבער אַ גלייכער, איינפאַכע מאַנירן, אין די אויגן תמימות... נאָר קוקן קוקן זיי גלייך און זיכער, גלייך עס וואָלטן אויף דער וועלט קיין ספקות נישט געווען; גלייך אַלץ, וואָס מען זעט, איז אַזוי איינפאַך און זיכער... און זיין קול איז איינפאַך קלאָר, אָן פאַרב, אָן אַ ציטער, וואָרט פאַר וואָרט שיט זיך אים פון מויל, ווי זאַמד, יעדעס וואָרט האָט זיין ממשות...״

ס׳איז י. ל. פּרצעס בליק אויף דער מענטשלעכער באַנעמונג. דער מענטש זאָל זיין תמימותדיק און דאָס וואָרט דאַרף זיין קלאָר, געמאָסטן און געווויגן, — אָט דאָס איז דער עיקר פון דער עטיק און יעדער איינער, וואָס ווייכט אָפּ פון דעם וועג, אָט פאַר דעם איז געשאַפן געוואָרן „די אכטע אָפּטיילונג״, — „פאַר אַלע נייע זינדיקע, פאַר די מאָדערנע״. און איז י. ל. פּרץ אפשר געווען קעגן מאָדערניזם? י. ל. פּרץ גופא האָט דאָך געשטרעבט צו רעפאָרמירן דאָס יידישע לעבן, ס׳אַרויסצופירן פון די אָפּגעשלאָסענע תחומים אום צו דערנענטערן עס מער צום אוניווערסאַלן, — ער איז קעגן דעם מאָדערניזם, וואָס האָט אָפּגעווייכט פונעם יידישעטישן, ווייל נאָר אינעם יידיש־עטישן קען דערגרייכט ווערן די ריכטיקע האַרמאָניע און י. ל. פּרץ פאָרמולירט עס דורך די רייד טאַטע פונעם „שבט מוסר״:

„וואָס איז דער אונטערשייד?

— הער: אַמאָל איז צווישן גוף און דער נשמה אַ שטענדיקע מלחמה געווען. די נשמה, אַ טייל פון זיין ליבן נאָמען, האָט זיך אַלץ צום הימל געריסן, אַרויף, אַרויף צו דער הויך האָט זי אַלץ געוואָלט; און דער גוף, דער שמוציקער גוף, די „טפה סרוחה״, האָט אַלץ געצויגן אַראָפּ, אַראָפּ, זינקען האָט זיך אים געוואָלט, זינקען אין שמוץ און אין מיעסקייט... האָט מנצח געווען די נשמה — מה טוב! האָט אָבער גובר געווען דער גוף? נו, האָט דער גוף זיין פּסק געקריגן. ער האָט דאָך געזינדיקט״.

ס'איז דער שטענדיקער קאמף צווישן דעם רוחניותדיקן און גש־מיותדיקן, די אייביקע דיסקארדאנץ צווישן נשמה און גוף און פאר די זינד פונעם גוף זיינען געשאפן געווארן די „שבעה מדורי גיהנום". י. ל. פרץ נאטירלעך נעמט עס אין אן אלעגארישן זין, אין א געוויסער מאס איז עס סאציאלע קריטיק קעגן דעם ווי מיט די צייטן האט זיך געענ־דערט דער כאראקטער פון די מענטשלעכע זינד. תחילת זיינען די זינד געווען באקאנטע, אבער מיטן קומען פון אנדערע צייטן זיינען אויך גע־קומען אנדערע זינד, דאך איז געווען גרינגער, ווען נאר דער גוף האט גע־זינדיקט און די נשמה איז געבליבן ריין. ביי געענדערטע צייטן און דעם אנקום פון נייע זינד האבן די נשמות געמאכט א בונט און גענומען רע־וואלטירן, —

„האלטן מלחמה מיט אלע זיבן הימלען, מיט גאט און זיין נאַ־טור... אלץ דארף בעסער זיין, אלץ ווילן זיי איבערמאכן און מיטן קאפ אראפ איבערקערן!"

און די ערגסטע זינד זיינען די פון דער נשמה און די זינד זיינען א פועל יוצא, ווייל מ'וויל אריבערשפרינגען די צייט. און וואס פאר א שטראף באקומט א מענטש פאר אזא זינד?

„מען שטעלט אים א נאקעטן פאר א בארג מיט שניי. שטייט ער און באלד פאלט אים איין, מען דארף דעם שניי צוצעלאזן און דערפון וואסער מאכן, ווערט דערפון א שטימונג. אזוי רופט איר דאך עס? און פון דער שטימונג א פארלאנג, פון פארלאנג א ליידנ־שאפט: ער מוז! און ער לויפט צום שניי־בארג, און ווארעמט אים מיטן לייב, ער נעמט אים ארום, באהעפט זיך מיט אים, אטעמט אריין מיט היץ, שפארט זיך אין אים אריין מיט לייב און לעבן.

— דער שניי מוז צעגיין... וואסער מוז זיין, וואסער פליסט, וואסער איז באוועגונג, וואסער איז גליק".

אלזא: אזוי שאפט זיך דער דרייעק פון שטימונגען, פארלאנגען און ליידנשאפטן, — ס'איז די תאוה, וואס ווערט דער באוועגנדיקער פאק־טאר און ניט דער שכל און דעריבער זיינען די רעזולטאטן ניט נאר קאנ־טרפראדוצירנדיקע, נאר אויך שרעקלעכע. פאר י. ל. פרצן איז עס א פראבלעם פון נעגאציע, אנשטאט צו מאכן פון דעם א טעאריע, שטעלט ער עס פאר אויף א בילדערישן אופן. אט האט מען אוועקגעשטעלט א מענטש איינעם אליין אין א פעלד, אויף א הארט־ליימיק פעלד. און מערקווירדיק: דער מענטש זעט ניט דעם הימל, דער הימל איז גאר פאר אים א בלאַ לייללעך, א פרוכת און אזוי „טראמפלט" ארום דער מענטש איינער אליין אין ליים, „ווי אין א מדבר"... און ווי י. ל. פרץ איז מוסיף:

„איז ער דאך דער איינציקער, וואס לעבט, פילט, טראכט און

דענקט!" י. ל. פרץ גיט איבער די מחשבה פונעם מענטש, וועמען ער שטעלט פאָר און אָט אויף אזא אײנעם, וואָס פילט זיך ווי אין א מדבר, פאַלט אָן אן אומעט, „ער וויל לעבן ארום זיך". אָבער איז דען אזוי גרינג צו געפינען א לעבן? דאָך וועט ער עס שוין מוזן מאַכן, —

„ביים לעבן, האָט ער פאַר טויזנטער געליטן, פאַר צענדליקער טויזנטער געווירקט, פאַר צענער טויזנטער געדענקט! זיין נשמה איז דאָך די נשמה פון מיליאָנען געווען? איז ער קיין באשאפער נישט? קען ער נישט דאָס זעלבע וואָס גאָט?"

ס'איז שוין אייגנטלעך י. ל. פרצעס מחשבה. דער מענטש וויל זיין א באשאפער, וויל מיט גאָט זיך פארגלייכן, פארמעסטן און „פייגעלעך מאַכט ער, פייגעלעך מיט פליגל! דער מענטש, וואָס האָט קיין פליגל נישט, איז גאָרנישט... דערנאָך וועט ער אָדלער מאַכן, דערווייל פייגל!"

און אזוי שאפט דער מענטש פייגל מיט פליגל, בלאָזט אריין אין זיי אַן אייגענע נשמה, די פייגל ווערן לעבעדיק, אָבער אַנשטאָט צו פליען, זיך אויפהייבן הויך, ניפּן זיי ארום אין ליים און זוכן גאָר א ווערעמל אונטערצושפּאַרן די הערצעלעך. און געפינען זיי נישט א ווערעמל „צאַפּ-לען זיי און גייען אויס פאַר הונגער"..."

דער מענטש רעדוצירט זיך צו קלייניקייטן און קליינלעבקייטן, און, הגם אַן אַלעגאָריע, איז עס דאָך י. ל. פרצעס שאַרפע קריטיק, אויף דעם, וואָס דער מענטש מאַכט פון אידייען און ווי ס'זעען אויס די פאַר וועמען מ'שאַפט די אידייען. אַנשטאָט צו ווערן באַגייסטערט פון דער אידייע, שטרעבן העכער, גייט דער מענטש נידעריקער און נידעריקער. און וואָס מאַכט דען דער מענטש פון אַן אידייע? די אידייע איז גע-גליכן צו שניי, ווייס און ריין ווי א שניי, אָבער דער מענטש מאַכט פון דעם וואַסער; אָדער דער מענטש ווערט גאָר פאַרפרוירן אין דער אידייע, פאַרגליווערט, קריכט אין ליים און פאַרמאָגט ניט די קראַפט אויפצוהייבן זיך העכער פון דער ערד. און ווען זיינע בליקן זיינען געווענדט צו דער ערד, וואָס זוכט דען דאָרט דער מענטש? אָדער ער פאַרגלייכט גאָר צו הינט און מעג דער מענטש גלויבן, אז „אַלץ איז אַנטוויקלונג! די סאָרטן פאַרענדערן זיך — פון הינט ווערן מענטשן זיין!" רעדט דער מענטש, ווירקט ער מיט צויבער אויף די כלבים", אָט שטייען זיי שוין אַלע גלייך, ווי מענטשן", ביי אייניקע גיט אפילו א בלישטש „א שטן פון ווילן, פון זעלבסטבאַוווּסטזיין און —

„נאָך א ווײַלע און די אויגן פון אַלע הינט וועלן אויפשיינען, אויפפלאַמען וועט אין זיי דער ווילן, אין דעם הונגער זייערן האָבן זיי דאָך פאַרגעסן; זיי האָבן פאַרגעסן, אז זיי זיינען הונגעריקע

הינט; נאך א ווײלע און ס׳וועט זיך אין זײ דערוועקן דער גרויסער,
דער וואונדערבארער געדאנק און דאן?

— עס וועט נישט געשען! א מלאך־חבלה ווארפט פלוצלינג
א ביין אין גרוב, די הונגעריקע הינט לאזן זיך אראפ אויף אלע פיר,
בילן, רײסן זיך איבערן ביין... און ערשט, אז דער ביין פאר־
שווינדט, הייבט אן דער נביא אויפסניי... און אזוי שטענדיק..."

„די אכטע אפטײלונג פון גיהנום" איז א גרויזאמע מעדיטאציע־
קריטיק. אין עצם אן אלעגאריע איז עס אין דער זעלבער צייט דאך א
רעאליזם צום קריטיקירן דאס סאציאל־עטישע און פסיכאלאגישע פונעם
מענטשן, פונעם פירער און געפירטן. י. ל. פרץ באצײט זיך דא הויפטזעכ־
לעך אויף די מענטשן פון אידייע, וואס זיינען ווייט צו זיין הארמאניש
אין זייער דענקען, פילן און טאט. דערביי דינט אים דער „שבט מוסר",
ווי דער ביישפיל פונעם אינטעגראלן מענטש, דער מענטש פון א דעפי־
ניטיווער און פעסטער עטיק, וואס ווייסט ניט פון קיינע קאנווינענצן און
נאר ער קען נעמען אויף זיך דאס רעכט ארויסצוגעבן אן אורטייל:

„אין די נביאים אייערע הייבן זיך אין דער לופטן, הויך, גאנץ
הויך פליען זיי, דעם הימל ווילן זיי איינגעמען, דעם כסא-הכבוד
פארנעמען! אין דער הייך אבער, אין דער טריקעניש, שפאלט זיך
די שוויינען־הויט און אז עס מאכן זיך זיי וווּנדן און ס׳הייבט אן
שטארק וויי צו טון, פאלן די אדלער אראפ אין נייע זומפן אריין,
ווו זיי ווייקן די הויט זייערע, ווו זיי היילן די שוויינען־הויט פון
וווּנדן".

— „און אזוי גייט עס ארויף און אראפ, ארויף און אראפ..."

ס׳איז אן אבסאלוט קריטישער רעאליזם, הגם י. ל. פרץ מאכט פון
דעם אן אלעגאריע. און ס׳איז מערקווירדיק ווי ער פארבינדט די קריטיק
פונעם פאלש־עטישן און דעם שטייגער פארצושטעלן דאס פסיכאלאגישע
דורך מעדיטאציע און דורכן אבסאלוטן לייקענען די אלע סברות וועגן
אמת און שקר, וועגן אן עיד־הדעת און אנדערע אויסטראכטענישן. אויף
אזא שטייגער באהויפטעט זיין לייב פילזוף אין דער דערציילונג „א
רופא צו א חולה", אז ס׳זיינען איבערהויפט ניט פאראן ניט קיין אמת
און ניט קיין שקר און קומט צו דער סברא, אז די גאנצע מעשה איז ניט
געשטויגן און ניט געפלויגן:

„א והא ראיה, זאגט ער, עס איז אזא בוים גאר אין גן־עדן
נישט געווען; נישט אדם, נישט חוה האבן קיינמאל אזא עפל נישט
פארזוכט".

ס׳איז כפירה און אפיקורסות אויף איין מאל. און י. ל. פרץ טוט

עס מיט אַ כיוון צו באַפרייען פון איינבילדונגען, וואָס קענען פאַרטונקלען און פאַרפירן דעם מענטשלעכן באַוווּסטזיין. ס'איז י. ל. פּרצעס אַ באַזונדערע איינגשאַפט. טאַקע ווייל דאָס סאָציאַלע און דאָס עטישע זיינען פאַר אים אַ עיקר און דאַרפן פאַרשטעלן אַן אומצוטיילבאַרקייט, אַן אַבסאָלוטן סינטעז, איז ער אויך אויסן אונטערצושטרייכן די פאַרבינדונג, וואָס ס'איז פאַראַן צווישן דער מאַטעריע אָדער פיזיאָלאָגישער סובסטאַנץ מיט דער פאַרגייסטיקטער אָדער פּסיכישער, קעגנזייטיק פאַראורזאַכטע און קעגנזייטיק זיך באַווירקנדיקע, רעדוצירנדיק די אַלגעמיין־מענטשלעכע סובסטאַנץ צום אַטאָם, וואָס איז די סיבה און פּעולה פונעם גאַנצן מענטשלעכן זיין. באַהויפּטעט טאַקע לייב פּילוזוף:

„אַזוי ווי די גופים באַשטייען פון אַטאָמען, און די טבע פון גוף ווענדט זיך אין דעם, פון וויפל אַטאָמען ער איז צוזאַמענגעשטעלט, אויף וועלכן סדר די אַטאָמען ליגן... אַזוי זיינען פאַראַן אַטאָמען פון געדאַנקען און געפילן... און די טבע פון יעדן געדאַנק און פון יעדן געפיל הענגט אָפּ נאָר דערפון, פון וויפל אַטאָמען זיי זיינען צוזאַמענגעשטעלט — ווי אויך אין וואָס פאַר אַן אָרדענונג זיי ליגן איינע ביים צווייטן... נישט מער!״

אַלזאָ: ס'איז פאַראַן אַ פאַרבינדונג צווישן דעם דענקען און פילן, ביידע דרינגען אַרויס פון איינעם און זעלבן מקור און אויף דער באַזע ווערט אַלעס אויך רעדוצירט צו אמת און שקר. אויב ס'איז פאַראַן „טוב ורע״, זיינען אמת און שקר אַ רעלאַטיווער באַגריף, איבערהויפּט אָנגעווענדט אויפן פילן און דענקען. געפילן זיינען אַ פּסיכישער צושטאַנד און ס'איז ניט שייך צו זאָגן, אַז געפילן אָדער געדאַנקען קענען זיין אמתדיקע אָדער שקרדיקע. ס'איז מער אַ פראַגע וועגן נוצלעכקייט אָדער שעדלעכקייט. און אינעם זעלבן שטייגער קען עס אויך חל זיין אויף דער מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע. ס'איז נאַטירלעך מער דער עטישער שטייגער, וואָס נעמט אַרום דאָס סאָציאַלע, דאָס גייסטיקע און אויך דאָס פּאָליטישע און אין דעם אַלעמען הערשט מער דאָס קאָנווענציאָנעלע, ווי אַ מאָס פאַר די מענטש־ווערטן. און ווי באַטראַכט מען דען די מענטשן, „וואָס האָבן ליב אַמאָל אַרומצוכאַפּן פון טראַקט, פון שאָסיי און זוכן אין אַ זייט נייע וועגן...?״ ווער ס'באַטראַכט אַזעלכע מענטשן פאַר נייגיריקע און ווער פאַר משוגענע און י. ל. פּרצעס אויספיר איז, —

„בעסער צי ערגער אָבער זען מעג מען דאָך, פּרוּוון לוינט...
„מאַנכע זיינען נאָר פרייע פויגל, איבער די לופטן פליען זיי...
„גאַנץ אָפּט האָב איך הנאה, וואָס איך לעב צווישן די דרייםטע וועג־זוכער... ביי זיי איז ווייניקסטנס נישט אַזוי לאַנגווייליק...״

אין דער אלעגאריע שאפט י. ל. פרץ א טעזע פאר א קריטישן רעא־ ליזם, ווו די באזע איז דער עקספערימענט, דאס גייסטיק־זוכנדיקע און שטענדיקע באוועגונג, דער טאט, ערשט דאס הייסט ריכטיק לעבן און אויפנעמען דאס לעבן, אבער א תמצים האט עס נאר דעמאלט ווען די סטרוקטור איז דורכגעדרונגען מיטן עטיש־גוצלעכן, ווייל נאר דאס עטיש־ נוצלעכע קען באטראכט ווערן ווי דער ריכטיקער און העכסטער אידעאל, סיי פונעם מענטש־אינדיווידיום, סיי פונעם מענטש־קאלעקטיוו.

# דער זין און יש פון י. ל. פרצעס „פאָלקסטימלעכע געשיכטעס“

דאָס סימבאָלישע און דאָס מיסטישע און מער דאָס סימבאָלישע ווי דאָס מיסטישע זיינען אַן אָרגאַנישער טייל פון י. ל. **פרצעס שאַפן.** זאָל י. ל. פרץ גופא געוועזן האָבן געוואָלט אויסשליסן דאָס סימבאָלישע, אָדער זיך באַפרייען פונעם מיסטישן, וואָלט זיין שאַפונג־ווערק ניט דער־גרייכט דעם ציל, וואָס ס'איז אים געווען אָנגעצייכנט צו פאַרווירקלעכן אין רוים און צייט. דאָס סימבאָלישע אין זיין שאַפן דינט צו אַ באַ־שטימטן ציל, — ס'ווירקט צום אַנטדעקן די איינגעשאַפטן פון דער ייִדי־שער פאָלקס־נשמה. עס איז איבערהויפּט אַ מערקווירדיקער שטריך אין דער י. ל. פרץ־פּערזענלעכקייט: אין תוך איז ער אַן אויסגעשפּראָכענער און שאַרפער אינדיווידואַליסט, און דאָך איז זיין שאַפערישער פּראָצעס געווען געווענדעט און האָט געצילט צו אַנטפּלעקן פאָלק־ און מאַסן־פּסי־כאָלאָגיע, קאָלעקטיווע מענטאַליטעט און די פּסיכאָלאָגישקייט פונעם פאָלק. ערשט אין י. ל. פרצעס ווערק ווערט דער ייִדישער מענטש פאָלק, ווערט אַן אָרגאַנישע גאַנצקייט, וואָס פאַרמאָגט אויסער חומר, אויך רוחניות. און זיינע בליקן פאַלן דווקא אויפן פּשוטן מענטש, ווי ער זאָל וועלן מאַכן אַ סוף צו דער דורותדיקער איינבילדונג וועגן דעם, אַז דער ווילקענער איז דער עיקר, בעת דער פּשוטער מענטש איז אַ תפל. אויף־אַזאַ באַזע האָט י. ל. פרץ געגעבן קינסטלערישע אָנפילונג זיינע „פאָלקס־טימלעכע געשיכטעס“, אָבער ניט צום דערלאַנגען זיי אין אַ קונסט־פאָרם, נאָר אויפצודעקן, ווי רייך און טיף ס'איז די אינטויציע פונעם פּשוטן פאָלקס־מענטש, וואָס שטייגט אָפטמאָל איבער דאָס „בר־אוריינ'דעסע“ פון די אַזוי גערופענע תלמידי חכמים. דער פּשוטער מענטש קען ניכער קומען צו נשמה־דערהויבונג און י. ל. פרץ פירט עס אויס טרעפלעך אין

דער מעשה „אַ קאַפּיטל תהילים״. יוחנן דער וואַסער טרעגער ווערט דאָרט געשטעלט העכער פונעם אורח־חים און ס׳איז טאַקע אַ פראַגע:

„ס׳טײַטש? ער, דער „אורח־חים״ פילט נישט און יוחנן דער וואַסער־טרעגער פילט? ווי אַזוי קאָן דאָס געמאָלט זײַן?״

און דעם ענטפער גיט יוחנן דער וואַסער־טרעגער, מיטן שאַפן אייגענע קאָנצעפּציעס, וואָס קומען אים פונעם האַרץ, פונעם ריינעם פילן:

„זייט וויסן, רבי, הייבט אָן יוחנן צו דערציילן, אַז זיין ליבער נאָמען האָט מיך געלייטזעליקט מיט אַ חוש־הריח, צו דערקענען אַ תלמיד־חכם... איך אַליין לערנען — קען נישט, נאָר אַ חוש־הריח האָב איך און איך דערפיל פונוויטנס אַ תלמיד־חכם, צי ער איז תוכו־כברו״.

— פון וואַנען קומט עס צו דיר?

— איך בין זייט איך לעב, משמש תלמידי־חכמים, — דאָס איז עובדת. האָב איך אָבער מורא געהאַט, איך זאָל נישט נחשל ווערן אין אַ פאַלשן תלמיד־חכם, האָב איך מתפלל געווען דערויף צו גאָט, און עס איז געווען אַן עת־רצון, און מען האָט מיר געגעבן אַ חוש צו דערפילן דעם ריח פון דער תורה... פון דעמאָלט אָן, אַז איך גיי פאַרביי אַ תלמיד־חכם, דערפיל איך זיין מדרגה... פאַראַן אַ תלמיד־חכם, וואָס זיין תורה שמעקט מיטן ריח פון פריש ברויט פון אויוון אַרויס, — דער לערנט אין פּשטות אַריין... איז ער גרעסער במעלה פיל איך זיין תורה, ווי פריש עפּל... טיילמאָל ווי בלומען אויפן פעלד, טיילמאָל ווי פרישע בשמים...

— און ביים פּרוש, וואָס פילסטו יוחנן?

— סמאָלע! ברענענדיקע סמאָלע פון גהינום...״

י. ל. פּרץ רעהאַביליטירט דעם פּשוטן ייִדישן מענטש. דער פּשוטער ייִדישער מענטש קען מיט זיין חוש אַמאָל מער אַנטפּלעקן ווי דער בר־אורין מיט זיין ווילקענעווודיקייט און שכל. דער חוש איז די נאַטור גופא, גראָד דער פּשוטער מענטש האָט אַ דירעקטע באַהעפטונג מיט דער נאַטור, רעדט מיט איר שפּראַך און באַנוצט אירע קאַטעגאָריעס, טאַקע ווי יוחנן וואַסערטרעגער מאַכט די פאַרגלייכן און ס׳איז אַ וועג סיי צו אַנטפּלעקונג סיי צו דערהויבונג. הגם אין אייניקע טעמים ווערט דער שכל געשטעלט העכער פונעם חוש. י. ל. פּרץ ברענגט עס אַרויס אין די „שטומע נשמות״. אגב בינדט דערביי י. ל. פּרץ דאָס פילאָזאָפישע מיטן טעאָלאָגישן, וואָס איז ביי אים ניט אָפּגעטיילט איינס פון אַנדערן צוליב די מיסטישע און סימבאָלישע עלעמענטן, שאַפנדיק אַ מין ספּעציפיש־ייִדישן אידעאַ־ראַציאָנאַליזם אָדער נאָך ריכטיקער געזאָגט, אַ מין מעטאַפיזישן פּאָזיטיוויזם. די מעשה הייבט אָן מיטן פילאָזאָפישן וועגן דעם, אַז צוויי

וועגן פירן צו גאט, „וואס איז די נשמה פון דער וועלט און דער תוך פון דער וועלט", דער ערשטער וועג איז פון שכל, „אויב דער בשר־ודם שארפט זיין מוח אין דער תורה הקדושה", און דער צווייטער — „דער וועג פון הארץ פון א בשר־ודם, אויב ער רייניקט און הייליקט עס לעבודת־הבורא":

„נתעלה על פי דרך־הטבע וועט געהויכט און געהויבן דער מענטש נאר דורך דעם שכל; דורכן שכל לערנט ער די תורה הקדושה, וואס איז דער חוק ומשפט — דאס געזעץ פון דער וועלט, און ער דערקענט דורך איר דעם פלאן, לויט וועלכן דער בורא העולם האט זי, די וועלט, ארויסגעפירט פון תוהו־ובוהו. און ער ווייסט אויף וואס זי שטייט, און וואס עס קאן זי חרוב מאכן. און אז ער קומט צו דער השגה, קריגט ער אליין שוין אויך א שטיקל דעה אין דער הנהגה פון דער וועלט ,און ווערט, כביכול, א שטיקל שותף צו קדוש־ברוך־הוא אין מעשה בראשית..."

אבער דער מענטש קען קומען צו א הויכער מדרגה דורכן הארץ, „אויב די כונה איז גוט און דאס הארץ איז גוט. און עס ברענט אינעם הארץ דאס פייער פון גרויס ליבשאפט צום בורא־עולם, און עס רייכערן זיך דערויף מצוות און מעשים־טובים, ווי קרבנות אויפן מזבח..."

דאך דאס הויפטזעכלעכע און דאס העכסטע איז דער סינטעז, אויב דער מענטש פארמאגט שכל און הארץ צוזאמען. פאר אזא מענטש עפנט זיך דער הימל מיט ביידע שליסלען, „ווארום ער איז זוכה, אי צו דער השגה, אי צו דער גרויסער ליבשאפט, — דאס איז אבער, — לאו כל אדם זוכה..."

פונדעסטוועגן שטייט דאס הארץ העכער פונעם שכל, ווייל דער שכל איז הוילע דין, בעת די וועלט דארף רחמנות. די ל"ו צדיקים שטייען העכער פון די תלמידי־חכמים, ווייל זיי קענען „בהבל פיהם" די וועלט פארברענען, בעת די ל"ו צדיקים זיינען דווקא נים קיין גרויסע למדנים, אבער אן זיי וואלט די וועלט קיין קיום נים געהאט... „זיי זיינען יוצא מיט א פרק משניות, מיט א קאפיטל תהילים, אפילו מיט תפילה בכונה..." און „דער עיקר איז ביי זיי דאס הארץ. ווארום פון אמתן צדיקס הארץ שטראלט און פליסט ארויס דאס גרויסע, הארציקע רחמנות אויף דער וועלט..."

אין אזא שטייגער, ווי געזאגט, רעהאביליטירט י. ל. פרץ דעם פשוטן מענטש און דעריבער האט ער א באזונדערע אויפמערקזאמקייט צוגע־ווענדעט דער פאלקסטימלעכער מעשה און איר צוגעגעבן א באזונדערן ווערט, טאקע ווייל אין איר אנטפלעקן זיך די גייסטיקע אוצרות און אייגנ־שאפטן פונעם פאלק. פון דער פאלקס־לעגענדע דערפארט ער וועגן די

עטישע פּאָסטולאַטן פונעם פאָלק, די באַציונג צום פּראָבלעם פון גוטס און שלעכטס, וועגן אויפריכטיקער מענטשלעכקייט און צביעותדיקער פרומקייט, ווי ס'איז פאַרגעשטעלט אין דער לעגענדע „ביים גוסס צו־קאָפּנס". וואָס איז דען דער אונטערשייד צווישן לייבל קאָנסקיוואָלער און נחמנקען פון זבאַראַזש? ביי לייבל קאָנסקיוואָלער, —

„שוין מכמא וכמא שנים רווישן צוויי מאָל אין טאָג אַלע זיבן הימלען מיט לייבל קאָנסקיוואָלערס „שמע ישראל": ווי א זילבער־נער שרויט צעשיט זיך זיין „אח———ד" צופוסנס ביים כסא־הכבוד... און עס קאַלערט זיך דער „אחד" און זומט, און ברומט, און זידט, ווי אַ מחנה זומער־פייגעלעך, וואָס גלוסט און בענקט צו דער פלאַם, ווערט צוגעצויגן צו איר און בריט זיך און ברענט אין איר, מיטן גרעסטן תענוג פון יסורים של אהבה"...
און נחמנקע פון זבאַראַזש, —

„ער פלעגט זיך שניידן די נעגל נישט איבערגעהיפּערט, אוועק־געוואָרפן... נישט איינמאָל מנחה צו דאַוונען, —
לייבל קאָנסקיוואָלער איז מקיים אַלעס וואָס איז צו נאָט, אָבער ווי זעט אויס זיין נשמה, ווי באַציט ער זיך צו מענטשן?

זיין גאַנץ לעבן האָט ער „אויסגעגנאַרט ביי נישט־קלוגע, גע־רויבט ביי אַלמנהס, גענזלט ביי יתומים, פון צדקה־פּושקעס ארויס־גענומען... אין בלוטיקע טרערן זיינען זיי געוואשן און האַרציקע בלוטפלעקן קלעפּן אין זיי..."

לייבל קאָנסקיוואָלערס האַרץ איז שוואַרץ, ס'איז פול מיט שלעכטס צו מענטשן. זיין איינציקער ציל אין לעבן — זאַמלען וואָס מער גאָלד און די גרויסע עבירה פון גנבה און גזלה איז ער אויסן אויסצוקויפן מיט זיין פרומקייט, מיטן עבודת־הבורא. אַנדערש ווידער איז שוין נחמנקע פון זבאַראַזש, ניט איינמאָל האָט ער טאַקע געפעלט צו מנחה, אָבער דער־פאַר,

„נאָר קיינמאָל ניט פאַרפעלט, ווען מען האָט געדאַרפט עמיצן העלפן, קיינמאָל נישט פאַרגעסן צו טרייסטן, צו האַרציקן און צו קרעפטיקן דאָרט, ווו די פליגל זיינען אראָפּגעפאַלן מיד, ווו די נאָל האָט געזאָלט די ריינסטע נשמה פאַרגיסן, ווו די לעצטע האָפנונג, האָט זיך געדאַכט, איז פאַרשוווּנדן... ער האָט זיך קיין הויז נישט געבויט..." דעם דאָך איבערן קאָפּ ניט פאַרריכט, זיין בעט זיך ווייך נישט געבעט, קיין ליבשאַפט פון קיין פרוי נישט געהאַט, אויף קיין נחת פון קינדער נישט געהאָפט, נאָר אַלץ פאַר אַנדערע... ווייל אַלע אַנדערע האָט ער געהאַלטן בעסער פאַר זיך..."

„רחמנא ליבא בעי", גאָט דאַרף האַרץ, אַזוי גלויבט דאָס פאָלק אָט דאָס איז אויך י. ל. פּרצעס אַ טעזע, — ס'האַרץ — דאָס איז דער עיקר. די גוטע מידה, — ס'איז דאָס הויפּטזעכלעכסטע און וועגט איבער יעדע תפילה, יעדע פרומקייט.

יעדע פאָלקסטימלעכע געשיכטע האָט ביי י. ל. פּרצן איר אָנצייכנונג און צילט אויף אַ באַשטימטן מוסר־השכל, — פּונקט ווי די לעגענדע אַנט־פּלעקט די קוואַלן פון דער פאָלקס־נשמה, אַזוי דאַרף זי אויך באַלערנען אין די עיקרים פון די יידישע גוטע מידות. און גאַנץ ריכטיק פאַרבינדט אין זיי י. ל. פּרץ דאָס רעאַליסטישע, וואָס האָט אַ שייכות צום סיפּור־המעשה, פאַרגעשטעלט אין פערסאָנאַזשן, און דאָס אַלעגאָרישע, וואָס דינט ווי דער באַלערנדיקער טייל. ערשט ביי דעם קען מען זיך געבן רעכ־נונג פאַרוואָס י. ל. פּרץ האָט געווענדט זיינע בליקן צו דער יידישער פאָלקס־מעשה. דאָס, וואָס פאַר אַנדערע פעלקער איז די מיטאָלאָגיע, איז פאַר אים געווען די יידישע פאָלקס־מעשה. די מעשה איז די נשמה פונעם פאָלק, ס'איז די פאָלקס־פילאָזאָפיע, אַרויסגענומען ניט פון ספרים, נאָר פונעם לעבן אַליין, פון דער פאָרשטעלונג, פונעם פּרימיטיוון דענקען און פילן. דאָס פאָלק לעבט ניט מיט פאַרגעשריבענע עטישע פּרינציפּן, נאָר ס'שאַפט זיך אַליין עטישע פּרינציפּן, און ס'ווערט פאַרן פאָלק אַ געזעץ און אַ מינהג. ס'איז דער עפּאָס, וואָס גייט איבער בעל־פּה פון דור צו דור און אין דעם עפּאָס וועבן זיך צוזאַמען דאָס רעאַליסטישע מיטן אַלע־גאָרישן. י. ל. פּרץ האָט די אַלע פאָלקס־מעשות אויפגענומען ווי זיי זיי־נען אינעם שטייגער פונעם פאָלק און האָט זיי געגעבן אַ קינסטלערישע אָנפילונג, אַ פאָרם, אַז פון אַ מעשה בעל־פּה זאָל עס ווערן אַ „מעשה ספר ונחזה".

אין אַזאַ שטייגער האָט י. ל. פּרץ אַנטפּלעקט די אָנהייבן פונעם יידישן פאָלקס־דענקען און פילן און האָט מיט אַ כיוון אָפּגעהיט דאָס פאַנ־טאַסטישע, ווייל ס'איז אויך דער וועג, וואָס קען פירן צו רעאַליסטישן מוסר־השכל. ס'איז דער זין פון דער „פאָלקסטימלעכער געשיכטע" און י. ל. פּרץ האָט זיי צוגעגעבן גאַנצקייט און פאַרענדיקטקייט.

אין יעדער פאָלקס־מעשה געפינט מען פאַרשיידענע עלעמענטן, וואָס דרינגען אַרויס איינע פון די אַנדערע: דאָס פאַנטאַסטישע פירט צום רעאַליסטישן און דאָס פילנדיקע צום פילאָזאָפירנדיקן און אַלע פאָלקס־מעשות צילן אויפן אויפקלערן דעם זין פונעם לעבן און עצם פון טויט. אַזוי טרייסט דער ווייסער מלאך דעם גוטסדיקן נחמנקע פון זבאַראַזש, —

„שרעק זיך ניש, אָרעמער מענטש, פאַרן טויט. עס איז נאָר
אַ בריק, אַ קורצע גרענעץ צווישן פינצטערקייט און ליכט... פון
זאָרג און אומרו אָן איבערגאַנג צו רו און גליק..."

דערמאָנט עס ניט אמאָל אין דער מאָדערנער עקזיסטענציאַליסטישער פילאָזאָפיע? איז עס ניט ענלעך צו פּאַסקאַלס אָדער צו קיערקעגאַרדטס א פילאָזאָפישער טעזיס? דער פּרינציפּ פון דער עקזיסטענציאַליסטישער פילאָזאָפיע קען אויך אָנגעווענדעט ווערן צו דער לעגענדע „דריי מתנות", וואָס איז פאַרבונדן מיט נשמה-דערלייזונג און צווישן דעם ווערט דעטערמינירט דאָס פּראָבלעם, אז ס'איז ניט גוט ווען דער סכום פון די גוטע מידות פאַלט צוזאַמען אין א גלייכגעוויכט מיט די שלעכטע טאַטן, די נשמה קען דעמאָלט ניט האָבן א תיקון און קען ניט דערגרייכן איר דערלויזונג. אין דער לעגענדע ווערט עס דעטערמינירט אויף ווייטערדיקן שטייגער, —

„היות די חטאים וועגן נישט איבער די מעשים טובים קומט דער נשמה קיין געזונט ניט..."

און פון צווייטן צד — וועגן די מצוות נישט מער פאַר די עבירות — קען מען נישט עפענען די טויערן פון גן-עדן, —

„אז קיין גע־ונד זאָל זי זיין..."

די מעשים טובים מוזן שטענדיק אריבערוועגן די שלעכטע טאַטן, אז די נשמה זאָל קענען קומען צו איר דערלייזונג, — אומדירעקט ווערט דאָ באַרירט דאָס פּראָבלעם פון געוויסן פאַרבונדן מיטן פּראָבלעם פון גוטס און שלעכטס און דירעקט דאָס ריכטיקע פּראָבלעם און טעזע פון דער עקזיסטענציאַליסטישער פילאָזאָפיע וועגן דעם אזוי גערופענעם „ניהיל", וועגן דעם אזוי גערופענעם „גאָרנישט". אָבער ביי י. ל. פּרצן ווערט עס אויפגעפּאַסט אויף א גאַנץ אַנדערן שטייגער. זיין עקזיסטענציאַליזם איז אַן אַנדערער און אויך דער „ניהיל" ווערט אַנדערש פאַרשטאַנען. זאָגט ביי י. ל. פּרצן די נשמה, פאַרורטיילט צו בלייבן גע־ונד:

„בעסער די גרעסטע יסורים, זאָגט זי, איידער גאָרנישט! גאָרנישט איז שרעקלעך!"

— ס'איז אינטערעסאַנט, ווי י. ל. פּרץ באַנוצט זיך מיט דער פאָלקס-טימלעכער לעגענדע צו באַלערנען, וואו די אויגן פונעם מענטש זאָלן זיין געווענדט און אין דער זעלבער צייט אויך שאַרף קריטיקירן, דערצו מיט א באַשטימטער איראָניע, די אזוי גערופענע צדיקים. אַט בשעת די נשמה דאַרף וואַנקפּליען אין גע־ונד — גיין צונויפזוכן נאָך מצוות, אז די צאָל פון די מצוות זאָל אריבערוועגן די צאָל פון די עבירות, עצהט דער בית-דין-שמש דער נשמה, אז ביים פליען זאָל זי זיך האַלטן „נידעריק ארום דער לעבעדיקער וועלט", ער ראָט איר ניט צו קוקן אין הימל, ווייל אין הימל זעט מען נאָר שטערן און הגם זיי זיינען ליכטיק, זיינען זיי דאָך קאַלטע ברוּאים, וואָס ווייסן נישט פון קיין רחמנות און וועלן זיך ניט מיען פאַר איר. די איינציקע וואָס קענען זיך מיען זיינען די צדיקים, און גראָד זיי, די צדיקים, האָבן ליב מתנות, און דער בית-דין-שמש גיט צו: „עס איז שוין די טבע פון די היינטיקע צדיקים!"

וויפל באַלערעוודיקייט, שאַרפע קריטיק און בייסיקע סאַטירע זיינען פאַרבאָרגן אין אַזעלכע אויסדרוקן! דאָס באַלערעוודיקע:

„פלי־ושע, גשמהלע, נידעריק אַרום דער לעבעדיקער וועלט און קוק זיך צו ווי עס לעבט זיך, וואָס עס טוט זיך".

— דאָס קריטיש־איראָנישע:

„און דערזעסטו עפּעס אַזוינס, וואָס איז אויסטערליש שיין און גוט, כאַפּ עס און פלי דערמיט אַרויף; עס וועט זיין אַ מתנה פאַר די צדיקים אין גן־עדן".

„און אַז דו וועסט האָבן געבראַכט דריי מתנות, זיי זיכער — וועלן זיך פאַר דיר עפענען די טויערן פון גן־עדן, זיי וועלן פועלן... ביים כסא־הכבוד האָט מען ליב נישט די פיין־געבוירענע, נאָר די אויפגעקומענע..."

אויך דאָרט אויבן איז פאַראַן אומגערעכטיקייט, אויך דאָרט אויבן טיילט מען דעם כבוד דעם אויפגעקומענעם און ניט דעם פיין־געבוירענעם און אַזוי ציט זיך די קייט פון אומגערעכטיקייט פון אויבן צו אונטן און אונטן איז —

„די וועלט אַזוי אָרעם, די מענטשן אַזוי מיטלמעסיק און גרוי. אויף דער נשמה און מעשים זייערע זיינען אַזוי קליין... ווי קומט זיי „אויסטערליש"?

י. ל. פּרץ האָט געזוכט רק דאָס גרויסע אינעם ייִדישן לעבן און האָט זיך אָנגעשטויסן בלויז אויפן קליינעם, אויף דער גרויקייט. „אויסטער־ליש" איז אַ מדרגה, אַ פאַרנעם און דאָ איז באַמערקונגסווערט דער לעצ־טער אויספיר, וואָס י. ל. פּרץ לייגט אַריין אינעם מויל פונעם „אורים ותו־מים":

„און דער „אורים ותומים" האָט געזאָגט: — אמת שיינע מתנות, אויסטערליש־שיינע... צו נוץ קומען זיי נישט, גאָרנישט לתשמיש, אָבער לנו, אויסטערליש".

אויסטערליש איז אויך שיין, עסטעטיש, אָבער ניט נוצלעך, ניט אוטיליטער און י. ל. פּרצעס סאָציאַלע און פילאָזאָפישע טעזע איז באַ־שטאַנען אין דעם, אַז דאָס אוטיליטערע איז וויכטיקער און העכער פו־נעם עסטעטישן.

ס'איז באַזונדערס כדאי געווען לענגער זיך אָפּצושטעלן אויף דער לעגענדע „דריי מתנות", ווייל די לעגענדע איז פילאָזאָפיש טיף, טייל־ווייז אַפּיקורסיש אין דער שאַרף־איראָנישער קריטיק און האָט אַ שייַ־כות צו י. ל. פּרצעס געשיכטלעכקייט, ווי די זעלבע ווערט פאַרגע־שטעלט און באַקומט אַ תיקון אינעם דמיון פונעם פאָלק. עפּאָס איז דער

רעפלעקס פונעם דמיון פונעם פאָלק, ס'איז אויך דער שטייגער פון אַלע פאָלקסטימלעכע לעגענדעס און י. ל. פּרץ בינדט זיי מיט די פּרינציפּן און תקנות פון דער ייִדישער עטיק. אזוי איז די לעגענדע „אַן אָפּקומע־ניש" די מעזע פון „מחשבה כמעשה", — זינדיקן אין דער מחשבה איז גלייך ווי באַגיין די זינד אין טאַט און ס'ווערט פאָרמולירט אין די ווער־טער צום זינדיקן חיים־יונה וויטעלס:

„— האָסטו, הייסט עס, געזינדיקט אַ רגע מיט דער מחשבה...
מיין בעל־תפילה האָט אַ רגע געזינדיקט מיט דער מחשבה. וואָס?
און מחשבה איז נפש... און ווער דען זינדיקט, אַז נישט דער נפש?
דער גוף אפשר זינדיקט? דער עפּר־ועפר אפשר? וואָס?"

מחשבה איז נשמה און די זינד פון דער נשמה איז גרעסער, ווי די זינד פונעם גוף. ס'וועקט די פאַרשיידענע תאוהס, רעגט אָן צום שלעכטן און אַזוי געשעט מיט דער פרומער פרוי באַשע-גיטל פון דער מעשה „די תאווה צו קליידער", וואָס פאַרלירט, אַ באַהערשטע פון דער תאווה צו קליידער, איר אַלע גוטע מידות, ווערט אַ מרשעת, גרייט צו באַ-עוולהן אפילו די יתומה, אין דער תאווה ווערט מען אַ שותף צום טייוול און צו אַלע זיינע בייזע מעשים און דער אויספיר איז, אַז מ'טאָר ניט לאָזן זיך פאַרפירן פון דער בייזער תאווה, איבערהויפּט נאָך אַ ייִדישע טאָכטער, —

„וואָרום אַ ייִדישע טאָכטער, אויב זי מאַכט זיך נייע מלבושים,
דאַרף זי אַלטע צעטיילן אָרעמע לייט, בפרט טאָר מען זיך נישט מאַכן
קיין קליידער, וואָס מען קאָן נישט טראָגן. וואָרום, אַז עס הענגען אין
אַלמער קליידער, וואָס מען נוצט נישט, קומען ביינאַכט יענע לייט
און נעמען זיי אַרויס און טוען זיך אָן אין די קליידער און טאַנצן אין
זיי אויף זייערע שמחות און חתונות..."

דאָ קומט צום אויסדרוק אויך דאָס פאַנטאַסטישע אום צוצוגעבן דער מעשה מער קראַפט און ווירקונג און טראַכט מען זיך אריין איינעם עצם פון די פאָלקס־מעשות, קומט מען צום אויספיר, אַז י. ל. פּרץ האָט די אַלע פאָלקס־מעשות איינגעוויקלט אין אַ קינסטלערישן לבוש ניט סתם אַזוי, נאָר אויס אַ באַשטימטן זין און אידייע. ערשטנס איז ער טאַקע אויסן גע־ווען צו אַנטפּלעקן די רייכקייט פון דער פאָלקס־פאָרשטעלונג, פון דעם פאָלקס־דענקען און פילן, און, צווייטנס, אַז ס'זאָל דינען צום באַפעסטיקן דעם מאָראַלישן פּרינציפּ, דערציען צום גוטן, אָפּהיטן פון זינד און אויפ־דעקן דעם גרויס און ווערט פון דער מענטשלעכער מסירת־נפשדיקייט. צו דעם געהער די מעשה „אָראָפּגעלאָזטע אויגן". ס'איז ווידער דאָס זעלבע פּראָבלעם: וואָס פאַר זינד איז גרעסער, די פונעם גוף אָדער די פון דער

מחשבה? אָט זיינען די צוויי טעכטער פונעם יידישן קרעטשמער נחמה און מלכה. נחמה איז די אבסאָלוטע צנועה, —

„אַ גאָלד, אַ גוטע נשמה, אַ שטילע.“

זי טוט אַלע געבאָטן פון גאָט, טאַטע־מאַמע און פרומע לייט, —

„זי נעמט חלה מיט כונה, בענטשט אין שבת ליכט, זאָגט שוין עברי־טייטש, ווי אַ וואַסער“.

אַ גאַנצע אַנדערע איז שוין מלכה, —

„קיין שלעכטס חס־ושלום נישט, עפּעס אַ משונהדיקע בריאה, אַ פאַרטראַכטע, אַ פאַרחלומטע, אַלץ פאַלט איר פון די הענט... טייל־מאָל לאָזט זי אַראָפּ די ברעמען און גייט אַרום מיט אַ בלאַס פּנים ווי אַ קרייד, ווי אויפן עולם הדימיון; רופט מען זי — גלייך מען וואָלט זי פון יענער וועלט אַראָפּגערופן, ציטערט זי און פאַלט ממש פון די פיס... און אַמאָל גיט זי אַ קוק אויף אַ מענטשן מיט אַזוינע שטאַרקע און שטעכנדיקע אויגן, אַז עס ווערט פּשוט נישט היימלעך!“

מלכהן ציט שוין צו אַ גאַנץ אַנדער לעבן, —

„גאַנצע נעכט וואָלט זי געזעסן און די אויגן זיך אויסגעקוקט, ווי די יונגע פּויערים שטיפן מיט די שיקסעס, טאַנצן אַ ראָד, אַ שווינדלענדיקן ראָד, און זינגען אַריין זייערע געזאַנגען, אַז די קרעטשמע הילכט און ציטערט...“

פאַר מענטשן בלייבט די זינדיקע נחמה, ווייל מ׳האָט מיט גוואַלד זי פאַרשלעפּט אינעם פּריצס הויף און ער צווינגט זי צו זינד, הגם אין דער מחשבה בלייבט זי ריין, צניעותדיק, דערנענטערט זיך צו איר דער פּריץ, —

„פאַרמאַכט זי די אויגן און טראַכט: „די מאַמע קושט מיך“... עס האַלדזט זי און עס קושט זי די מוטער און לערנט זי ברכה זאָגן, און „גאָט פון אברהם“ זאָגן...

— ער וויל, זי זאָל אים ליב האָבן...

— זי האָט ליב, שטאַרק ליב, די מוטער. זי נעמט אַרום די מוטער... „נאָך אַמאָל מאַמעשי: „תורה צווה לנו“... שעפּטשעט זי... און מיט די זינדיקע ליפּן רעדט זי די ווערטער נישט אַרויס... אין דער נשמה ווימלען זיי ביי איר, דאָרטן לייכטן זיי טיף, טיף אינעווייניק...“

די טעזע: די זינד פונעם קערפּער, אויב די נשמה און מחשבה זיינען ניט דערביי, איז ניט קיין זינד. אַזאַ זינד האָט אַ פאַרגעבונג, אָדער די זינד אין דער מחשבה פאַראומווירדיקט סיי דעם גוף און אויך די נשמה. וואָס פילט דען און וואָס זעט דבורה?

„אינעווייניק איז געלעגן די קרעטשמע מיט געזאַנג און טאַנץ און געשפּילעריי... אין האַרץ האָט צווישן איר און דער וועלט אַרומ־געשוועבט דער פאַרטרעט פונעם יונגן פּריץ... קוים פאַרמאַכט זי די אויגן, צי אין שיל ביי דער קראַטע, צי מוצא שבת צו „גאָט פון אברהם", צי ביי שבת ליכטבענטשן, צעשפּילט זיך אין איר דער כוח־האדם, טאַנצט זי, רחמנה לצלן, מיטן פּריץ, און מיטן ראָד אין קרעטשמע נאָך שניט... אָדער זי רייט מיט אים צוזאַמען, און טרייבט, אויפן ווייסן פערד, ווי אַ מלך איבער וואַלד און טאָל... און בפרט, אַז עס געגענט זיך צו איר דער מאַן, אין דער רגע שליסט זי די אויגן צו און האַלדזט, און קושט — וועמען? דעם יונגן פּריץ האַלדזט זי און קושט..."

ס'איז דער יִדישער שטייגער צו באַטראַכטן דאָס פּראָבלעם פון זינד, אָבער צו דעם קומט צו אויך, י. ל. פּרצעס בליק, צוגעפּאַסט צום זאָגן פונעם פאָלק, אַז מ'דאַרף קענען אַריינקוקן טיף אין דער מענטשלעכער מחשבה צו וויסן וואָס אין האַרץ טוט זיך. דער מענטש זעט בלויז דאָס אויסערלעכע און דער ביישפּיל זיינען די צוויי טויטן פון דיביידע שוועס־טער. דבורה, די פּראַגער גבירה, —

„האָט געהאַט אַ גרויסע לוויה. מען האָט איר אויך אַ גרויסן הספּד געמאַכט, עס האָט אַ סך געלט געקאָסט! און מען האָט זי אויבנאָן אויפן בית-החיים, צווישן אַלע צנועות געלייגט, און צום יאָר האָט מען אַ גרויסע מצבה מיט אַלערליי אויסגעקריצטע שבחים גע־שטעלט..."

און וואָס געשעעט מיט דער צנועה נחמה?

„אָבער אַז דער פּריץ האָט דער עלטערערס גוף קיין פּראָג גע־שיקט... האָט קיין חברהמאַן נישט געוואָלט זיך צורירן צום זינדיקן גוף, האָט מען צו דער טהרה פּראָסטע טרעגער געדונגען, און מ'האָט זי איינגעהילט אין אַן אַלטן זאַק און אַריינגעוואָרפן אין אַ גרוב ער־געץ אונטערן פּלויט..."

און אַלץ צוליב דעם, ווייל —

„אַ מענטש זעט נאָר פון אויבן...

וואָרום אַזוי טראַכטן און זאָגן מענטשן, וואָס זעען נאָר מיט די אויגן פון אויבן אויף, און ווייסן קיינמאָל נישט, וואָס אין האַרץ טוט זיך, וואָס ביי עמיצן אויף דער נשמה איז..."

אויך דאָ חזרט זיך איבער דאָס פּראָבלעם, אַז דעם אויפגעקומענעם גיט מען מער אָרט, ווי דעם פיין־געבוירענעם. אין דער לעגענדע זיינען בולט די מעטאַפיזישע עלעמענטן, אָבער אין די אַנדערע לעגענדעס פעלן

אויך ניט די עלעמענטן פון קבלה, ווי צום ביישפּיל אין דער מעשה „שמע ישראל" און הויפּטזעכלעך טרעט אַרויס דער דמיון. די פאָרשטעלונג און פאַנטאַזיע פונעם פאָלק, ווי רב לייב שאָרעס קען זיך באַווייזן אינעם געשטאַלט פון אַ מלך אין אַלטע בגדים, ווי דער שפּאָלער קען זיין אַ קבצן, וואָס וואַנדערט איבער דער וועלט, אליהו הנביא קען זיך פאָרשטעלן פאַר אַ קונצנמאַכער, — אַלס צו ברענגען דערלייזונג, פּונקט ווי אויך דער טייוול קען אָננעמען פאַרשיידענע געשטאַלטן צום וועקן אין די מענטשן די תאוותס און זיי אַראָפּפירן פונעם גלייכן וועג. און אָט אין דער פאַנטאַזיע האָט י. ל. פּרץ דערזען ניט אַ פּשוטע מעשה, נאָר דעם אוצר פון דער יידישער נשמה און מחשבה. פון איין זייט בלאָנקען זיך אַרום איבער דער וועלט שטומע נשמות, צום פּערזאָניפיצירן און פאָרשטעלן די לעגענדע און פון דער צווייטער זייט קומט דאָס פאָלק, וואָס קאָנאָניזירט די מעשה און ס'ווערט אַן עצם פון זיין דענקען און פילן, ווי אויך דער פּרינציפּ פון זיינע עטישע באַציונגען און מאָראַליסטישע איינשטעלונגען. אין דעם אוצר האָט י. ל. פּרץ אַנטפּלעקט אַ טעמע — ריזיקייט, אין וועלכע ס'ווערט דעטערמינירט אַ שלל מיט פאָלקס-פילאָזאָפיע און עטישע ווערטן. די אַלע מעשות זיינען געווען ביים פאָלק בעל־פּה און י. ל. פּרץ האָט ריכטיק באַגריפן, אַז די אַלע פאָלקסטימלעכע מעשות מוזן באַקומען זייער תיקון, ווערן אַ דאָקומענט, ווי דאָס פאָלק לעבט, דענקט און פילט, די מעשות זיינען אַן עצם פונעם נאַציאָנאַלן פאָלקס־זיין, פאַרבינדן מיט זיין זיין און ווערן, ווי אַ נאַציאָנאַלע קאַטעגאָריע און דעריבער האָט ער זיי איינגעוויקלט אין אַ קינסטלערישן לבוש, צוגעגעבן זיי פאָרם און סטיל. אַזוי אַרום האָט ער אויפגעשטעלט דעם גרויסן בנין פונעם יידישן עפּאָס און ס'איז געוואָרן אַן עצם, ווייל ס'גיט צו דעם פאָלק זיין געשטאַלטקייט: די לעגענדע איז דער פלאַסטער־וועג צו דער געשיכטע, ס'איז די ערשטער פרימיטיוו־פאָרם פונעם נאַציאָנאַלן דאַזיין און באַוווסטזיין. מיט דעם האָט י. ל. פּרץ מקיים געווען אַ גרויס־נאַציאָנאַלע עובדא און רעאַליזירט אַ טאַט פון גרויסער נאַציאָנאַל־היסטאָרישער וויכטיקייט.

# „חסידיש“ און קבלה

„חסידיש“ איז דער המשך פון די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן“ מיטן אונטערשייד וואָס אין די חסידישע געשיכטעס קומט צום אויסדרוק דאָס ליריש־גלויבנדיקע. די פאָלקסטימלעכע געשיכטע, דורכוים עפּיש, איז אויסשליסלעכער סימבאָל, וואָס טראָגט זיך אריבער פונעם רעיונישן אויפן אויסערלעכן, פון דעם וואַקסט ארויס דאָס מיסטישע, ווי אַ דערהויבנדי־קער אָנהויב, און זיין באַגלייטונג איז דאָס לירישע און אן ארייננקוקן אין די טיפקייטן פון דער נשמה. דער פּראָצעס ווערט אַן אומגעקערטער, — פונעם אויסערלעכן אַנשויען צום אינערלעכן ארייננקוקן אינעם טיף פונעם מענטשלעכן פילן און איבערלעבן, — פאַרבינדן מיט גייסטיקער און רע־ליגיעזער סובסטאַנץ. אזא איז דער אבסאָלוטער זין פון י. ל. פּרצעס חסי־דישע געשיכטעס. ס'זיינען די מאָמענטן, ווען דער מענטש באַפרייט זיך פון גשמיותדיקייט, און דערהייבט זיך איבער זיין אייגענעם פיזישן זיין, אַ באַהערשטער פון אַ גלויבערישן פילן און איבערגעצייגטקייט. און ס'איז ווירקלעך אַ דערהויבנדיקער מאָמענט, ווען שרה־רבקה אינעם „דעם רבינס ציבעק“ מחשבותט, —

„רבונו של עולם, טראַכט זי, אַז מען וועט נעמען אויף יענער וועלט איין אות פון זיין תורה אויף איין וואָגשאָל, און אויף דער צווייטער וועט מען ארויפלייגן אַלע מיינע יאכלעך מיט פיש-גריצן, מיט מיינע אויגן צוזאַמען... וואָס וועט איבערוועגן?“

און ווייטער:

„זי ווייסט אפילו, אַז וואָס עס איז פאַרקניפּט אויף דער וועלט, איז פאַרבונדן אויף יענער אויך! אַז נישט געשווינד טיילט מען דאָרט אָפּ אַ מאַן פון אַ ווייב! און ער וועט דען לאָזן? אַזאַ בריליאַנט ווי ער איז? זי זעט דען נישט, ווי ער וויל דווקא, זי זאָל אויך טועם

זיין ביים עסן... עס איז דאָך נאַריש, — ער וועט דאָך נישט ריידן, נאָר מיט די אויגן ווינקט ער; און מאַכט זי זיך נישט־פאַרשטאַנדיק, ברומט ער, ווי אינמיטן שמונה־עשרה... ניין! לאָזן וועט ער נישט, ער וועט נישט באַשטיין, ער זאָל זיצן אויף דער פּאָטער־שטול צווישן צדיקים און אָבות, און זי זאָל זיך ערגעצווו אַרומוואַלגערן אין עולם־התוהו, אין וויסטע וועלדער...״

אויך די פּרוּוו ביי י. ל. פּרצן וויסט, אַז דאָס גייסטיקע שטייט העכער פונעם מאַטעריעלן, אַז דאָס גייסטיקע איז די העכסטע קאַטעגאָריע פונעם מענטשלעכן זיין און שוין מיט דעם וויסן דרינגט זי אַריין אין דער ספער פון מיסטיק, — איר פאַרשטעלונג, ווי עס וועט אויסזען אויף יענער וועלט. ס׳איז די וויזיע פון איר מחשבה, און ס׳וואָרצלט אין איר מיט טיפן גלויבן און ס׳איז דער גלויבן, וואָס שאַפט אָפּ, מאַכט פאַרשווינדן מחיצות און פאַרייניקט. אָט קומט אַריין דער אָרימער חסיד מענדל צום רייכן חסיד ר׳ עוזר האָפנשטאַנד, — י. ל. פּרץ שטרייכט אונטער דערביי צוויי כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן, — דעם סאָציאַלן, וואָס טיילט פונאַנדער דעם רייכן חסיד און דעם אָרימען — דער נגידישער חסיד מיעסט זיך מיטן אָרימאַן, ער דערלאַנגט אים „שלום־עליכם״ נישט אַנדעריש, ווי אַרומגעוויקלט „די האַנט אין אַ סערוועט״, אָבער דערפאַר פאַרייניקט זיי דער רעליגיעזער מאָמענט, וואָס מאַכט זיי פאַר איינסגלייכן. דער אָרימאַן מענדל מאַכט ניט קיין אונטערשייד צווישן זיך און דעם נגיד, צווישן זיינס און יענעמס. ער קומט אַריין צו עוזר האָפנשטאַנד, ווי צו זיך אהיים, ווי עוזר האָפנשטאַנד זאָל אים זיין אַ גרויסער בעל־חוב. עוזר האָפנשטאַנד ווידער וועט אים אויסהערן מיט אויפמערקזאַמקייט און וועט אויך מקיים זיין דעם אָרימען חסידס ווילן, ווייל ס׳איז דאָך פאַרבונדן מיט דער גרויסער מצווה פון הכנסת כלה. אויך מענדל וויסט, אַז ער מעג פאָדערן, ווייל ער ברענגט עוזר האָפנשטאַנדן די מצווה אין שטוב אַריין. שוין דערפאַר אַליין קומט אים אַ ריכטיקער „שכר הלוכה״. און עוזר האָפנשטאַנד גופא נייטיקט זיך אין מצוות, ווייל אין זיין הויזגעזונט גייט ניט אַזוי, ווי עס ווילט זיך אים. ער זעט ווי עפּעס ווערט חרוב, —

„ער קוקט אַרום און זעט, ווי די צייט רייסט אַלע מינוט אָפּ אַ שטיין פון דער מויער, מיט וועלכער ער האָט זיך אַזוי קונציק אַרומגעבויט, אָפּצומיילן זיך פון דער אפיקורסישער גרויסער וועלט, צו וועלכער ער געהערט לויטן פאַרמעגן. זי, די נייע צייט, גנבעט זיך אַריין ווי אַ וואַסער אין זיין אַלטער תיבה, אין וועלכער ער האָט געוואָלט איבערשווימען דאָס „דייטשע מבול״ אַז קיינער פון זיין

משפחה זאָל זיך אפילו קיין פּוס נישט איינגעצן! אָבער עס גייט ניט!"

דאָס „דייטשע מבול", — דער אָנזאָג אויף דער השכלה און דער משה־מענדלסאָן־עפּאָכע אינעם ייִדישן לעבן, וואָס האָט ארויסגערופן אַ באַזונדערן בייז או עצבות אין דער חסידישער וועלט. לויט זיין רעליגיעזקייט און גייסטיקער נייגונג געהער צו דער וועלט אויך דער נגיד עוזר האָפּנשטאַנד. און ער ווערט געפּייניקט פון זיין מחשבה, טאָקע ווייל ער זעט ווי פאַר זיינע אויגן צעפאַלט זיך אַ בנין, וואָס ער האָט אויפגעשטעלט. עס העלפט ניט דערביי דער תהילים־זאָגן, און ניט דאָס געלט, וואָס ער האָט אַזוי פיל געצײלט מיט זיינע אייגענע הענט און ס'העלפט ניט די וועלט, וואָס ער האָט אַזוי פיל געזען. איצט ווייסט שוין עוזר האָפּנשטאַנד, אַז —

„די צייט האָט קיין רחמנות נישט, אַז זי ווישט און ווישט אָפּ דאָס אַלטע, דאָס פאַרשימלטע, דאָס הייליקע".

עוזר האָפּנשטאַנד איז שוין ניט דער גאַנצער אין זיין נשמה, ווייל ער לעבט אַ צעריסענער צווישן דעם סאָציאַלן פון זיין שטאַנד און דעם רעליגיעזן פון זיין גייסט, ביי אים איז שוין פאַראַן אַ קאָנפליקט צווישן דעם אויסערלעכן זען און אינערלעכן פילן. ער איז דער פולשטענדיקער קאָנטראַסט צו מענדל דלת, וואָס ווערט ניט געפּייניקט פון קיינע סאָציאַלע אמתן. מענדל לעבט אין אַ פולשטענדיקן באַוווּסטזיין פון אַלעם „הפקר" און מאַכט ניט קיינע אונטערשיידן צווישן זיינעם און יענעמס, ווייל אַלעם געהער צו גאָט, — דאָס גאָלד, דאָס זילבער און אַלע אַנדערע זאַכן. ער ווייסט, אַז עוזר האָפּנשטאַנד האָט, אַז אים איז אָנגעטרויט געוואָרן דאָס רייכטום, איז ער מחויב אים צו געבן. מענדל גייט ארויס פון אַ פּשוטער הנחה, אַז ווען ער האָט געהאַט, האָט ער אויך געגעבן:

„מענטשן, שפּריצט ער מיט כעס, וויינען אין גאַסן, וואָס זייענען לאַנג, ווי דער גלות... מער טרעפּ ווי הויז... און איך לייד אויף אַסטמאַ. זאָל איך גיין? ניי דו! געגוג אומגעגאַנגען... מיין דאגה?! אַז איך האָב געהאַט, האָב איך געגעבן!"

דער נגיד עוזר האָפּנשטאַנד איז דער מיושבדיקער, בעת מענדל דלת איז אַנאַרכיש און דער אונטערשייד צווישן די ביידע באַשטייט אין דעם, וואָס מענדל האָט זיך באַפרייט פון יעדער זאָרגן, ער איז דער אַבסאָלוט־זאָרגלאָזער, ווייל ער לעבט אין אַ באַוווּסטזיין פון הפקר, אָבער אויך אין אַ פולשטענדיקן בטחון און פאַרשטייט גאָרניט אַנדערש, אַז דער נגיד איז אים מחויב, —

„ניין, — ווערט זיך מענדל אָפּ, — איך האָב געשוואָלענע פּיס... גיין וועל איך נישט... דאָס געלט האָלט שוין ביי דיר... איך האָב ביי דיר 500 רובל! און צייט גיב איך דיר. איך וועל דאָ זיין עטלעכע טעג, וועסט האָבן גענוג צייט! אגב וויל איך מיר ביי דיר אביסל אָפּרוען און אָנעסן זיך — פאַרשטייסט! הכלל — צייט האָסטו גענוג! פאַרן אוועקפאָרן וועסטו מיר געבן דיינס א שלי־שית אויף 500 רובל, 50 רובל מזומן אויף חתונה־הוצאות און א פינפער רובל צו פאָרן קיין גער. נעמען מעגסטו ביי וועמען דו ווילסט... נישט מיין דאגה!״

„נישט מיין דאגה״, — ס׳איז אַן עיקר און ס׳איז כאַראַקטעריס־טיש פאַרן קאָנטראַסט פון די כאַראַקטערן, וואָס קומען דאָך צו א פּונקט פון אייניקייט, — ס׳איז דער באַוווסטזיין, אידייע און וועזן פונעם גלויבן, וואָס מאַכט צו־נישט יעדן אונטערשייד און גרענעץ, — דער גלויבן דער־נענטערט און פאַראייניקט.

„הכנסת כלה״ ווידער איז א מידה און א מצווה. ס׳איז דער עטי־שער מאָמענט אינעם גלויבן. לפנים האָט עס אבסאָלוט נישט צו טון מיטן מיסטישן עלעמענט, אָבער סיי דער נגיד עוזר האָפּנשטאַנד און סיי דער מענדל דלת זיינען טיף פאַרוואָרצלט אינעם מיסטישן. דאָס מיסטישע איז דאָס וועזנטלעכע פון זייער גלויבערישער רעליגיעזקייט און אפילו פון געוויסער סעקטאַרישקייט. ס׳דרינגט ארויס דירעקט פון זייער נשמה־עצם און מיט נאָך מער קראַפט און שטאַרקייט דרינגט עס ארויס פון שמעיהן אין דער מעשה „שמעיה דער גבור״. דאָס סעקטאַרישע ווערט דאָ דורכויס קנאיש, אבסאָלוט שאַרף, וואָס איז גורם, אַז שמעיה, —

„א הויכער דאַרער יונגערמאַן, א בלאַסער מיט טיפע פלאַמענ־דיקע אויגן און ציטערדיקע שלייפן, שלעפּט אַראָפּ דעם אַלטן ביים פּאָלע און רופט אויס:

— רבותים, איך גיי! איך וועל מיך נוקם זיין! א תל וועל איך פונעם מאַכן!״

ער, שמעיה וועט זיך נוקם זיין אינעם רב, ווייל דער רב האָט גע־פסקנט א שאלה לויטן „חיי אָדם״ און דעם „שולחן־ערוך״ אוועקגעמאַכט מיט דער האַנט״. פאַר שמאי דעם חסיד איז גרויס דער אונטערשייד צווישן דעם „שולחן ערוך״ און דעם „חיי אָדם״, ווייל דאָס ערשטע איז דאָגמע, פון א גאָט אַליין איבערגעגעבן צום מענטש, בעת דער „חיי אָדם״, איז שוין ראַציאָנאַליזם, א געוויסע נאַטוראַליסטישע אויפפאַסונג און דע־ריבער איז עס פאַר אים, ווי פאַר אַנדערע חסידים פון זיינס גלייכן, א ריכ־טיקער חלול־הקודש. א דאַנק דעם הערן זיי זיך נישט צו צו די ווערטער און

וואַרנונגען פונעם אַלטן מאַן „מיט גרייז־גרויער באָרד און פאות און רויִק ליכטיקע אויגן". און דער אַלטער מאַן וואָרנט:

„— רבותים, איר זינדיקט! אַ ייִד, אַ תלמיד חכם! איר רעדט, „על ה' ועל משיחו — — — איך בין אייך מתרא!"

און ווידער ברענגט דאָ י. ל. פרץ דעם קאָנטראַסט צווישן צוויי שיטות חסידים און זייער קוק אויף זאַכן, — צווישן דעם חסיד „דער קאַל־טער ייִד" און דעם חסיד, וואָס איז הוילע התלהבות. דער קאַלטער חסיד איז אַ מענטש מיט אַ ישוב־הדעת, ער איז דער ראַציאָנעל־דענקענדיקער, בעת שמעיה איז דער מיסטיש־עקזאַלטירטער, ביי וועמען דער באַוווּסט־זיין פונעם אייגענעם „איך־זיין" ווערט לחלוטין פאַרווישט און אויפגע־לייזט אינעם עקסטאַטישקייט פון זיין רעליגיעז־גלויבערישן סענטימענט. און אַנאַליזירט מען אַזאַ נשמה־צושטאַנד, קומט מען צום אויספיר, אַז עס איז אַ רעפלעקס פון קערפּערלעך־פיזישער אָפּגעשוואַכטקייט, — דער מענטש איז שוין מער ניט דער האַר און באַפעלער פון זיין אייגענעם ווילן, נאָר ער איז דער געטראָגענער פון אַן אומבאַוווּסטער קראַפט, ביי שמעיהן אויסגעדריקט אין אַ בלינדן, אומקאָנטראָלירטן שטרעבן צו אַ טאַט, וואָס זאָל זיין פאַרבונדן מיט „קדוש השם". און אין אַזאַ שטייגער באַקומט ער אויך זיין תיקון ביי י. ל. פרצן, וועלכער שטעלט אים פאָר, ווי פאָלגט:

„און ווער? שמעיה, דער קראַנקער, שמעיה מיט די טאַנצנדי־קע אָדערן ביי די שלייפן, מיטן קיילעכדיקן פנים, מיט די ברוינע ליפּן, טיף אַראָפּגעפאַלענע אויגן — דער „בעל בכי" פון ימים־נוראים, דער „קאָפּ אין וואַנט"-קלאַפּער ביי סליחות? דער שטעלט זיך איין? שמעיה!"

אָבער שמעיה איז שוין ניט מער דער האַר איבער זיין אייגענעם ווילן, ער ווערט געטראָגן פון אַן אומבאַוווּסטן כח, פון אַן אידייע, —

„— איך וויל, שרייט ער, — אומקומען על קדוש השם! איך וויים, בעלי־הבתים וועלן מיך רודפן... נאָר „עת לעשות"!"

„עת לעשות", חזרט ער איבער און דער עולם זעט, ווי די אויגן פינקלען ביי אים ווי די שטערן! עפּעס איז ער אינגאַנצן אַנ־דערש געוואָרן, אויפגעוואַקסן מיטאַמאָל אַזוי גרויס, עפּעס אַזוי הייליק. גאַרנישט דער אייגענער שמעיה!"

שמעיה איז דער טיפּישער אויסדרוק פונעם אַזוי גערופענעם פּסי־כיש־עמאָטיוון עקסטאַז: אין אַזאַ פּסיכישן צושטאַנד, ווען דאָס שכלדיקע זיך אָפּטוט פון אים און ער איז ניט פעיִק מער אויף אַ געזונטן דענקען, איז ער מקיים דעם „עת לעשות" און רייסט אַראָפּ פונעם רבס קאָפּ דעם ספּאָ־דיק, אָבער יעדער עקסטאַז האַלט אָן בלויז אַ באַשטימטן מאָמענט, און

הערט אויף מיטן האָבן רעאַליזירט דעם אָנגעצייכנטן טאַט. און אַזוי גע־שעט אויך מיט שמעיהן. קוים האָט ער דעם ספּאָדיק אין זיינע הענט, קומט ער צום באַזינען זיך און עס נעמען בויערן די ווערטער, וואָס דער אַלטער מיושבדיקער חסיד האָט אים געזאָגט. און געזאָגט האָט ער אים, אַז „תל־מיד חכם שמחל על כבודו, אין כבודו מחול", אַזוי האָט געהאַנדלט דער רב בעת שמעיה האָט פון אים געריסן דעם ספּאָדיק. די ווערטער שניידן שמעיהס מוח און דרינגען דורך זיין גאַנצן מענטאַלן צושטאַנד:

„שמעיה האָט אַ ציטער געטון, די שוואַרצאַפּל פון די אויגן זיי־נען אים ערגעץ פאַרשווונדן געוואָרן און ער האָט געקוקט פאַר זיך מיט צוויי ווייסע לענגלעכע פלעקן, —

און ניט נאָר זיין מענטאַלער צושטאַנד ענדערט זיך, נאָר אויך דער פיזישער, ווייל איין מאָל רעאַליזירט דעם טאַט, וואָס האָט געזאָלט ווערן אַ קדוש־השם איז אין אים אויסגעלאָשן געוואָרן דער גאַנצער עקסטאַז, די עמאָציע און אַנשטאָט דעם פאַלט ער אַריין אין אַ האַלוצינאַציע־צו־שטאַנד, וואָס איז גורם צו זיין פיזיש־מענטאַלן זיך אויפלייזן: די האַלו־צינאַציע ווערט דאָ אַ ווייטערדיקע אויסוויקלונג פון דער מיסטיק־אי־דייע. די ווירקונג גייט דירעקט אויף דעם מענטאַלן צושטאַנד און צו־זאַמען מיט דעם קומט פיזישע נידערגעשלאָגנקייט, אַ פּשוט־קערפּערלעכע דערשעפּונג, — דער באַטרעפנדיקער אינדיווידיום פאַרלירט די קראַפט פון זעלבסט־באַהערשונג, פון ווידערשטעלן זיך קעגן זיך אַליין.

שמעיה איז אַ ריכטיקער קרבן פון אַ מיסטישער ווידזיע און אַ טי־פּישער אויסדרוק פון וויזיאָנערישער מיסטישקייט. באַלייט פון עראָטי־שער פאַרגייסטיקטקייט, איז דער פערסאָנאַזש משה יאָסעלעס אין דער מעשה „אַז מען זאָגט: משוגע, גלויב!" משה יאָסעלעס איז דער פּאַסי־ווער פערסאָנאַזש, ער לעבט ניט אין אַ ווידזיע פון אַ „עת לעשות" און פון אַ „קדוש השם", ווי שמעיה, נאָר זיין גאַנצע מענטאַליטעט איז קאָנצענ־טרירט אויף איין פּונקט, אויף איין אידייע, — אויפן אָנשוויעריש־עמאָ־ציאָנעלן, און ס'איז דאָס מאַטאַריש-ווירקנדיקע אויף אַלע זיינע האַנד־לונגען און טאַטן:

„נאָר משוגע! זיינע טנועס, זיינע הוויות. און אויך אַזוי לאַנגע ברעמען. און ברענענדיקע אויגן, ווי דער פאָטער עליו השלום. דער פאָטער איז געווען מיושב און ער — משוגע. אַ יונג מאַכט זיך אַ מאָדע צו קוקן אין הימל אַריין! עס גייט, למשל, דורך אַ וואָלקן, זעט ער אין אים אַ געשטאָרבענעם פאָטער, אַ כהן-גדול, אַ צאַפּ... וואָס איר ווילט נאָר אַליין, זעט ער אין דער כמאָרע! איז דער הימל לויטער, זאָגט ער, אַז ער איז אַ ראש־השנהדיקער פּרוכת!"

„ווינטער פלעגט ער אָפּליגן גאַנצע טעג אין פענצטער און ארויסקוקן אויפן שניי. בריליאַנטן, זאָגט ער, זעט ער אין שניי! ווי, עס איז דען נאָכצודערציילן!"

משה יאָסעלעס איז א העכערע מדרגה פון שמעיהן. דאָס עקסטאַטישע, ריכטיקער געזאָגט, דאָס עמאָציאָנעל־מיסטישע איז ביי אים פאַרבונדן אויך מיט אימאַזש־דיכטערישקייט, אויסגעדריקט סיי מיט וויזיע, ווי אויך מיט מעטאַפאָרישקייט און אין אַנימיזירן די נאַטור־דערשיינונגען. ס'איז קלאָר, אַז דאָס מיסטישע באַהערשט סיי דעם זיין, סיי זיין באַוווּסטזיין און דאָס מיסטישע בינדט זיך ביי אים מיט פאַנטעזיזם. ער פילט זיך נאָענט און באַהעפט מיט דער נאַטור, נעמט זי אויף אַנשויעריש, פילט זיך דורכגעדרונגען און אריינגעדרונגען אין אירע מיסטעריעס, וואָס ווערן פון זיין דערציילער באַטראַכט, ווי „איינגעטונקט אין עבודה זרה". ס'איז גורם ער זאָל ניט גלויבן און ניט פאָרן צום רבין, ס'ווערט ביי אים רעדוצירט צו אַן אַבסאָלוטן גלויבן, אַסקעטיזם און פאַרגייסטיקטער עראָטישקייט. ער איז לחלוטן אויסגעטון פונעם קערפּערלעכן, דאָס קערפּערלעכע, אָדער באַנוצנדיק דעם אויסדרוק, דאָס קאַרנאַלע, איז ביי אים א לאַו־דווקא און ער האַלט עס אונטער אויף אַזוי פיל, אַז די נשמה זאָל זיך קענען אין אים האַלטן: „אינדערפרי א ציבעלע מיט ברויט, מיטיק א שטיקל הערינג, ביינאַכט די רעשט פונעם הערינג" און מיט דעם האַרמאָניזירט זיין גאַנצער אויסערלעכער אויסזען, —

„קיין אויגן האָט מען נישט געזען, נאָר צוויי שוואַרצע לעכער אין קאָפּ! איינגעבויגן כפול שמונה, אין א הולך, אַז גאָט זאָל זיך מרחם זיין!"

משה יאָסעלעס איז די פּערזאָניפיקאַציע פון א פולשטענדיקן אַסקעטיזם, פאַרגעטלעכט אינעם סענטימענט, וואָס גייט ביי אים אויף זיין פאַרשטאָרבענער פרוי. דער סענטימענט ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אַבסטראַקט־פאַרגייסטיקטער ליבע, וואָס הערט ניט אויף ביי אים אפילו נאָכן טויט פון זיין פרוי. פּרובירט מען אים פאַרבינדן מיט א צווייטער פרוי, בלייבט ער איר פרעמד, ווייט אָפּגעשיידט פון איר אין מחשבה, סענטימענט און באַהעפטונג. ס'געשעט אנב מיט משה יאָסעלעס, אָבער באַלד אונטער דער חופּה זעט ער שוין אוים מאָדנע. און ווידער שטעלט אים פאָר זיין דערציילער:

„מיין משהלע שיינט אונטער דער חופּה, ווי א שררה, נאָר וואָס דאָס משוגענע פּנים רוט ניט א רגע, גלייך ער וואָלט ווייען געהאַט. די ליפּן ציטערן, ווי ביים אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע, און די אויגן ברענען עפּעס נישט היימלעך... אמת משוגע!"

און משה יאָסעלעס האָט לאַנג ניט אויסגעהאַלטן דעם נסיון. ער איז אַנטלאָפן אויך פון דער צווייטער פרוי. און וואָס טוט ער אומקערנדיק זיך צוריק אין זיין שטעטל? ער לעבט אויסשליסלעך מיטן דמיון און אימאַזש פון זיין ליבע צו אַ פאַרשטאָרבענעם ווייזן און ס'דרינגט אַרויס קלאָר פונעם דיאַלאָג, וואָס י. ל. פרץ בינדט צווישן אים מיט זיין דערציילער:

„— משוגענער, — פרעג איך אים — נאָך וואָס ביזטו געקומען, האָסט נישט געקענט דאָרט קנעלן?

— איך האָב געבענקט, זאָגט ער.

— צו וועמען?

— צום היגן בית עלמין! זאָגט ער! און ער זאָגט עס אַזוי ערנסט, אַז אַ גרויל גייט דורך די ביינער! איר האָט געהערט, אַ מענטש זאָל בענקען צום בית־הקברות? ער בענקט! און ער זאָגט קיין שקר נישט!"

„נאָך מעריב גייט ער נאַכט אויף נאַכט אַרויס הינטער דער שטאָט און דרייט זיך אַרום בית־עלמין! אַ כהן איז ער, אַריינגיין טאָר ער נישט, דרייט ער זיך אַרום צוים און קוקט פונווייטן אויף די מצבות".

פאַרדמיונטע ליבע, די ליבע, אין גייסט, אַ פולשטענדיקע רוחניות־דיקייט, איז דאָ גובר יעדע שכלדיקייט. משה יאָסעלעס דענקט ניט מיט לאָגישע קאָנצעפּטן, נאָר לעבט מיטן אימאַזש, פאַרוואַנדלט אין אַ פאַר־גייסטיקטן עראָטיזם, און ס'קען געשען דאָרט, ווו דער מיסטיציזם ווערט דער איינציקער עצם פונעם לעבן. דאָס פיזישע מיט אירע ליידנשאַפטן ווערן דערביי אַבסאָלוט אָפּגעטעמפּט; דאָס פיזישע ווערט אויפגעלייזט אין אַ ספּעציפישן אימאַזש, וואָס באַקומט מאָראַליש־עסטעטישן כאַראַק־טער. אין דעם פרט איז משה יאָסעלעס אין זיין מיסטיק אַ גאַנצקייט און איז אַ פולשטענדיקער קאָנטראַסט צו בערל כאַנציעס, דער משוגענער בטלן, פון דער מעשה אונטערן זעלבן טיטל. משה יאָסעלעס איז דער אינ־טעגראַלער פערסאָנאַזש פון אַ מיסטישן באַנעמען, בעת דער משוגענער בטלן שוועבט צווישן אייגענער „איך"־נעגאַציע און „איך"־רעאַליטעט, צווישן דעם אידעאַ־פאַרשטעלערישן און זיין־אָפּעקטיוויטעט. משה יאָסע־לעס איז דער פאַרגייסטיקטער אינעם פילן, לעבט אין אַן אויסשליסלע־כער אינזיכטקייט, אין אַן אַן־סוף'עדיקייט, ער איז אַבסאָלוט־רעפלעקטיוו, בעת בערל כאַנציעס איז חקיריש־סקעפּטיש, אַבסאָלוט־סקעפּטיש און צווייפלעריש. בערל כאַנציעס מחשבותט:

„די חקירה איז, אַז קיין מענטש אין דער וועלט קען נישט אי־בערקלערן זיך אליין! — ווי הייסט, איך וועל משיג זיין? איך וויל

מיך ארויסרייסן פון מיר ארויס, אוועקשטעלן זיך, אדער אים אין א זייט, „ער" זאל קוקן אויף מיר! איך־ער זאל קוקן אויף ער־זיך!"

„איך־ער" און „ער־איך", — הוילע מעטאפיזיק, דער צייכן פון דואליסטישקייט, אבער אינעם פאל פונעם משוגענעם בטלן איז אויך ווירקנדיק די סיבה און ווירקונג, דער מענטש אין זיין ווילן און פאר־שטעלונג. און צווישן סיבה און עפעקט, ווילן און פארשטעלונג שטרענגט זיך אן בערל כאנציעס צו לייזן דעם עיקר און אמת פון זיין מענטשלעכן זיין. דערביי קומט ער צום דואליסטישן, צו די צוויי התחלות, וואס הויזן אינעם מענטשלעכן זיין און כאראקטער:

„— מען זאגט: „יצר טוב", זאל זיין אזוי! אבער סיי ווי סיי בין איך דאך נאר א דירה, וווּ עס וווינען צוויי שכנים, איינער הייסט: יצר טוב, דער צווייטער יצר הרע. נישט אזוי? ווייטער די מעשה מיט די נעמען... אבער ווער זיינען זיי? ווער בין איך?"

און ביים משוגענעם בטלן גייט עס ניט בלויז אויפן דואליזם פון דער מענטשלעכער נשמה, נאר איבערהויפט אינעם לייזן דאס רעטעניש פון מענטש גופא: איז דאס מענטש־זיין אן אבסאלוט אדער א רעלאטיוו. די הויפטזאך איז: וואס איז דער מענטש? און ער קומט צום אויספיר, אז ס'איז ניט פאראן קיין „איך"־אבסאלוט, אפילו ניט קיין „איך־ער" אדער „ער־איך", נאר דער מענטש אין זיין רעאלער דערשיינונג איז א סכום פון פארשיידענע ניואנסן, פארבינדן סיי מיטן „איך" סיי מיטן „ער". די פארבינדונג צווישן דעם „איך־ער" און „ער־איך" איז ניט קיין ארגאני־שע, נאר א וואלונטאריסטישע, טיילווייז א רעפלעקסיוו־פערצעפטיווע. בערל כאנציעס פרובירט זיך אליין קלאר צו מאכן דעם צושטאנד:

„קעגנייבער האט זרח מלמד דערציילט יענקל קעצלען, אז אין „בעל עקדה" איז דא אויף דער היינטיקער סדרה א פלא־פלאימדי־קער דרוש! וויל איך וויסן, וואס זרח מלמד איז געפעלן, צו לויפן צו דער מזרח־וואנט און אראפכאפן דעם ספר... נו, בין איך טאקע גע־שטאנען! די פיס האבן נישט געוווסט וועמען צו פאלגן: צי בערל כאנציעס, וואס וויל גיין האלץ־האקן, צי דעם בערל כאנציעס, וואס וויל גיין אין באד אריין, ווייל עס בייסט אים, צי דעם בערל כאנ־ציעס, וואס וויל וויסן, וואס זרח מלמד איז געפעלן!... איך בין טאקע אזוי לאנג געשטאנען, ביז איך האב מיך דערמאנט, אז איך האב נאך קיין מנחה נישט געדאווענט!

„— נו, על כן? וווינען אין מיר שוין פיר פארשוין! א האלץ־העקער, א בעל־עקדהניק, א בעדער און דער לעצטער א מנחה־דאווי־נער, וועלכער האט אלע ארונטערגעיאגט אונטערן אויוון, זיי זאלן

קיין פיפס נישט געבן, נאָר ער האָט צו שאַפן, און די פיס מוזן אים פאָלגן, אַ והאָ ראיה, בין איך טאַקע צוגעגאַנגען צו דער וואַנט און האָב געדאַוונט!״

דער משוגענער בטלן נעגירט ניט די צוויי התחלות אינעם מענטש, דעם יצר־טוב און יצר־הרע, דאָך שטעלט ער אונטער אַ פראַגע־צייכן די אויסגעהאַלטנקייט פונעם דואַליסטישן פרינציפּ און פון דער רעאַלער מענטש־עקזיסטענץ. ער איז אויסן צו לייזן אַ פילאָזאָפישן פּראָבלעם, און אַ דורכגעדרונגענער מיט סקעפּטיציזם, קריטיקירט ער די דואַליסטישע פאָרמול, אָנגענומען ווי אַ דאָגמע. זיין אויספיר איז, אַז דער מענטש אין זיין, איז אונטערגעוואָרפן דער רעפלעקסיווער ווירקונג, די רעפלעקסן דריקן זיך אויס אין פאַרשיידענע ניואַנסן, אין זייער טאָך אַוואָלוטיווע, אין רעזולטאַט באַהערשטע און דאָמינירטע פון איין באַפעלעריש־וואָלו־מיוון צענטער. דער וואָלוטיווער צענטער איז דאָס רעאַלע, ווען ס׳וואַרפט זיך אונטער די איינבילדלעכע אַוואָלוטיווע פאָרשטעלונגען און אויס אַזאַ קוק און חקירן איז בערל כאַנציעס אָדער ווי י. ל. פּרץ טיטולירט אים „דער משוגענער בטלן״ אויסן צו לייזן זיין אייגן פּראָבלעם פון „ווער־איך־בין־זיין״. אויס דער זעלבער פאָרמול „ווער־איך־בין־זיין״ באַטראַכט ער אויך יעדן אַנדערן, ווען ער נעמט סיי אין זיין רעאַלן אָדער חומרישן דערשיינען, סיי אין דער מחשבותדיקער פאָרשטעלונג. אָט ווי בערל כאַנ־ציעס זעט וואָלף סוחר:

„— איך זאָג דיר, בערל כאַנציעס, אַז עס זיינען דאָ דריי וואָלף סוחרס... איינער איז אַ לעמעלע, אַ פרום לעמעלע, וואָס זיצט און לערנט נדרים און וועט אויף יענער וועלט אויך לערנען נדרים און טאַקע מיט רבונו של עולמס פּרוש... דער צווייטער איז אַ גנב און וועט דאָרט אויך כאַפּן פון די טעלער; דער דריטער איז אַ רוצח, וואָס הרגעט דאָס ווייב מכות־רצח...״

ס׳איז אַלץ דערזעלבער „איך־ער״, „ער־איך״, אָבער ניט ווי אַן אבסאָלוטער, נאָר ווי אַ רעלאַטיווער דואַליזם. בערל כאַנציעס מחשבותן איז ניט מער, ווי אַ רעפלעקס, וואָס קומט אים פון זיין מיסטישער פאַר־טיפטקייט און דורכגעדרינגנקייט. ער באַגרייפט די צוויי כוחות וואַלטנ־דיקע אינעם מענטשן. איינער אַ דורכויס־סטעטיקער, אַ דינאַמישער, וואָס איז דער גורם פון בערל כאַנציעס מחשבותן, צום שטעלן פראַגעס און זוכן צו פאַרענטפערן זיי און דער צווייטער כח איז דער פאַסיוו־ליידנדיקער, ביי בערל כאַנציעס אויסגעדריקט אין אַ שטערונג מקים צו זיין די ווונטשן און פאַרלאַנגן. ס׳איז אַ טיפּישער אויסדרוק פון אַ הינטערבאַוווּסטזיין, וואָס פאַרדיכטעט דעם באַוווּסטזיין און ביי בערל כאַנציעס גרייכט עס צו אַ

מדרגה פון אן אבסאלוטן נעגירן די מאטעריע, — ער ווערט הווילע פילן און אימפּרעסיע, — „אז דער רוצח שלאָגט טייבעלען, טוט מיר ווי דאָס האַרץ" און אליין איז ער דער „גיהיל", וואָס לעבט מיט דער קראַפט פון עמאנאציע. דער משוגענער בטלן שטעלט זיך אליין פאר:

„איך בין טאַקע אַ גולם, איך האָב גאָר קיין נשמה נישט; וואָס דען? אלץ ארום לעבט, אלץ ארום האָט נשמות, די נשמות זייערע לאָזן ארויס פון זיך אזוינע לאַנגע, דינע, שפּיציקע פעדימלעך, אזוינע שטראלן, און זיי כאַפּן זיך און ציפּן זיך אין מיר, קריכן אין מיר אריין, רירן מיך, שטעלן מיך אויף די פיס, הייסן מיך גיין, טון, לויפן... אָבער איך אליין בין גאָרנישט!"

און ס'איז אן אינטערעסאַנטער שטריך אין דער חקירה פונעם משוגענעם בטלן. ער רעדט ניט וועגן דעם, אז איבער אים איז פאראַן אַ באַשאַפער, וואָס האָט אים געגעבן לעבן, נאָר אין זיין סקעפּטישער באַציונג צו זיין אייגענעם זיין, קומט ער אומדירעקט צו אן אבסאָלוטער נעגאַציע. פאַר אים איז וויכטיק צו דערגרונטעווען, וואָס אזוינס איז דער מענטש אין זיין פיזישער דערשיינונג, צי דאָס סענסיבלע אינעם מענטשן לעבט אויך נאָכן מענטשס פיזישן אָפּלעבן, אָדער ס'איז בלויז אַ מיראַזש. דאָס גייסטיקע איז ניט מער, ווי אן אבסטראַקציע, בעת דאָס סענסיבלע איז אַ יש און דאָס פירט אים צו ספיקות. דעריבער זאָגט ער, —

„אז איך גיב מיר אַ קניפּ אין באַק, פּלאַמט מיר די באַק, ווייל איך האָב אַ באַק, איך האָב הענט און פיס, איך האָב אַ קאָפּ מיט אַ האַרץ און האָב אפשר אַ נשמה אויך... אלץ האָב איך, נאָר וואָס בין איך אליין?

נישט די באַק, די פיס, ניט דאָס האַרץ, נישט דער קאָפּ, נישט די נשמה. וואָס דען? גאָרנישט...

— איך זאָל מיך קענען מאבד עצמו לדעת זיין, און אליין זען, וואָס עס וועט זיין, וואָס עס וועט בלייבן, אז עס וועט אוועקפאלן דער קאָפּ, די הענט, די פיס, די בעק, די צעריסענע כאַליעוועס... דעמאָלט וואָלט איך אפשר עפּעס געוווּסט? צי וואָלט ניט אַ יושר געווען צו פּרוּוון...

— ווען זי זאָל נאָר הייסן! אפשר וואָלט איך עס ביי אים געפּרוּווט".

אָט ווּהין ס'דערגייט דעם משוגענעם בטלנס חקירה. אין דעם פּרט איז ער דער אבסאָלוטער היפּוך צו משה יאָסעלעס פון „אז מ'זאָגט: משוגע, גלויב!" אויך אין משה יאָסעלעס דמיון־פאַרשטעלונג לעבט אַ פרוי, אָבער ס'איז גורם ביי אים צו העכסטער פאַראייד־לטקייט, בעת ביי בערל

כאַנציעס איז גענוג, אַז די פּרוי זאָל װעלן, װעט ער באַגיין אַ פאַרברעכן. עס איז אַלץ, װאָס די מאָטיװן זיינען פאַרשיידנאַרטיקע. װאָס ביים ערשטן איז מיסטיק, אָנרענגנד צום העכסטן און דערהויבנדסטן, צו אַ װירקלעכן עסטעטישן פילן, גייט ביי בערל כאַנציעס אויף חקירה, באַזירט אויפן אַלאָגישן און איראַציאָנעלן. דאָס אַלאָגישע און איראַציאָנעלע איז די העכסטע קאַטעגאָריע פון מיסטיק, אָבער באַהעפט מיט אַ סקעפּטיציזם, װען דער סוביעקט איז אויסן צו דערגרונטעװען דעם זין און יש פונעם מענטשלעכן זיין. בערל כאַנציעס איז שוין ניט אַזוי דער גלויבנדיקער, װי דער פילאָזאָפירנדיקער און די צװיי התחלות אינעם מענטשן, — דער יצר טוב און דער יצר הרע, — זיינען פאַר אים ניט קיין אַבסאָלוטע, נאָר רעלאַטיװע באַגריפן און װערן פון אים אויפגענומען ניט אין אַן עטישן אויסדרוק, נאָר װי אַ פילאָזאָפישע ספיקותדיקייט: בערל כאַנציעס אָדער דער משוגענער בטלן געהער צו דעם טיפּ חסידים, װאָס איז דורכן רעליגיעז־מיסטישן געקומען צום פילאָזאָפיש־חקירישן. אויב די רעליגיע איז דאָס האַרץ פונעם מענטשלעכן זיין, איז די פילאָזאָפיע דער גייסט און בערל כאַנציעס געפינט זיך אין אַ פערמאַנענטן קאַמף צװישן האַרץ און גייסט, צװישן דעם רעליגיעז־גלויבערישן און פילאָזאָפיש־חקירהשן.

אויף אַזאַ שטייגער שפּיגלט אָפּ „חסידיש” צװיי כתה׳ס חסידים, — אַ כתה, װאָס איז הױלע רעליגיעזער עקסטאַז, הױלע התלהבות, און אַ כתה, װוּ דאָס פילאָזאָפישע אָדער דענקערישע באַגלייטן דאָס רעליגיעזע, דאָך ניט אין אַ ראַציאָנעלער פאָרם, נאָר דװקא איראַציאָנעל, און אַלע מאָל איז גובר די שיטה, פאַר װעלכער דער עיקר איז כונה און אמונה. פאַר די חסידים פון רעליגיעזן עקסטאַז, פון הױלער התלהבות, איז עס אַ „סינע קװאַ נאָן” פון זייער גאַנצן זיין און י. ל. פּרץ דעטערמינירט עס בשם אומרו אין דער מעשה „עלנט”:

„— דער שטאָטישער רב, אויך אַ בעלזער, האָט אים געגעבן אַ קניפּ אין בעקל פאַר זיין דרשה. דערביי האָט ער אים געזאָגט, אַז תורה אַליין איז נישט מציל מדינו של גהינום. והאַ ראיה — דער גאון, ער איז דאָך געװען אַ למדן מופלג, טאַקע אַ גאון, און איז היינט פאַרט אין אַ קליינער מדרגה... ער זיצט אין פאָדערהויז פון גן־עדן איבער אַ ש״ס גמרא און לערנט, און דאָס האַרץ טוט אים װיי זעענדיק, װי פּראָסטע מענטשן, װאָס קענען קוים עברי, שפּרינגען איבערן אריבער גלייך אין גן־עדן, װאָרעם, באמת, זאָגט ער, דער עיקר איז כונה און אמונה... אמונה, זאָגט ער, אין זיין ליבן נאָמען, און נאָך מער אמונה אין דעם ייִד, װאָס...”

תורה איז אַן עיקר, אָבער ס'איז נאָך ניט אַלעס, און אַז דער עיקר זאָל ווערן אַ יש מוז עס זיין „באַווירצט" מיט כונה און אמונה. תורה גופא אין איר דאָגמאַטישן אויסדרוק איז ראַציאָנאַליזם, בעת כונה און אמונה זיינען אַ סענסיטיוויטעט־אויסדרוק, זיינען דאָס אינטויִטיווע, וואָס גייט דירעקט פונעם האַרץ און מיט דעם גופא ווערט שוין אונטערגע־שטראָכן, אַז דאָס זינלעכע איז אַמאָל וויכטיקער ווי דאָס ראַציאָנאַליס־טישע, נאַטירלעך ווען דאָס זינלעכע גייט אויף דער קאַטעגאָריע פון גלויבן און איז מכוון אויף עבודת־הבורא. י. ל. פרץ אילוסטרירט עס אין דער מעשה „עלנט", ווו עס ווערט דערציילט די געשיכטע פונעם חסיד סענ־דער, וואָס האָט שוין געהאַט זעקס ווייבער און וויל נאָך האָבן דאָס זיבע־טע. אָבער די געשיכטע איז ניט מער ווי אַ קאַנווע אַרויסצוברענגען די צוויי שיטהס חסידיש, צווישן דער בעלזער שיטה, וואָס האָט געפאָדערט הויפּטזעכלעך כונה און אמונה און דער קאָצקער שיטה, וואָס האָט גע־האַלטן בלויז פון הוילע תורה. מיט אַנדערע ווערטער: די בעלזער שיטה איז געווען פאָלקיש, בעת די קאָצקער איז געווען אַריסטאָקראַטיש און ס'גייט אינעם אַרויסברענגען, וועלכע פון די צוויי שיטהס איז די העכע־רע. די נסיונות פון דער בעלזער שיטה זיינען גרעסער און העכער, ווי די פון דער קאָצקער און ריכטיק ווערט עס באַמערקט אין דער מעשה „ער, זכרונו לברכה און זיינע מקורבים": „אַן ערלעכער ייִד צו זיין גאָר פון זיך אַליין איז זייער שווער! יעדער זאָל מלחמה האַלטן מיט יצר הרע גאָר באַ־זונדער, ביחידות הייסט עס, יעדער פאַר זיך, נישט אין ראָטעס און אָן אָפּיצירן, וואָלט גאָר בימער געווען". און דאָ ליגט אויך דער אונטערשיד צווישן דער בעלזער און קאָצקער שיטה: די ערשטע איז כונה און אמונה ברבים, בעת די צווייטע איז תורה ביחידות. שוין פון דעם דרינגט אַרויס, אַז דער קאָלעקטיווער פּרינציפּ האָט ביי די חסידים געשפּילט אַ גרעסערע ראָל, ווי דער אינדיווידועלער.

דער יצר־הרע איז דער נסיון, וואָס לאָקערט איבעראַל אויפן מענטש, דערהויפּט אויפן פּאַריאָגטן און פּאַרטועטעם אין וועלט זאַכן און דאָ מוז די כונה באַקומען אַ קאָנקרעטן אויסדרוק, אָנגערעגט פון השפעה „עשה לך רב", ס'איז דער קולט פונעם רבין אינעם חסידיזם און האָט דער רבי די קראַפט משפיע צו זיין, קען ער אויך זיין דער מקיל. און דעם רבינס ווערטער ווערן די פילאָזאָפיע פון אַ נייער התנהגות:

„פּאַרצייטיקע ייִדן — פלעגט ער זאָגן — זיינען גרויסע גבו־רים געווען, אַקעגן גיין אין מלחמה מיט יצר הרע און מכריע זיין איז ביי זיי אַ שפּילעכל געווען: היינטיקע צייטן, זאָגט ער, איז גענוג, אַז מען קען אַנטלויפן פאַר יצר־הרע".

אויף אזא באָדן איז אויסגעוואקסן די פילאָזאָפיע פונעם חסידיזם. זי איז ארויסגעדרונגען פון דער ייִדישער מיסטיק, א שטאַמנדיקע פון דער ייִדישער קבלה און האָט אינעם פּראָצעס פון איר אנטוויקלונג אָנגענומען א כאַראַקטער פון א ריכטיקער טעורגיע. אָבער די ייִדישע טעורגיע האָט א גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער, ווי די קריסטלעכע. אויב די קריסטלעכע טעורגיע איז אויסגעדריקט אין א גלויבן פון דער געטער־ און טייוול־ווירקונג אין די אינטערעסן פון די מענטשלעכע צוועקן, האלט די ייִדישע טעורגיע, אז מיטן מעכאַוון זיין זיך אין תפילה קען דער מענטש דער־גרייכן צו אזא געטלעכער אָנשוויונג אז ער זאָל דערגרייכן צו ווערן אפילו א בעל־נס. אזוי ארום זיינען אמונה און כונה פארבינדן מיט תפילה, אָבער אז די תפילה זאָל האָבן איר השפעה, מוז דער מענטש זיין ריין פון זינד ניט בלויז אינערלעך, נאָר אויך אויסערלעך. און דאָ קען יעדער קליניקייט ווערן א שטרויכלונג און אפילו שעטנז קען שטעלן צו א ניסיון:

„אין שעטנז איז נאָך א גרעסערע סכנה!... אז מ׳דאווענט אין א מלבוש מיט שעטנז, האָב איך פון פיו הקדוש אליין געהערט און דערנאָך אין קו־היושר געזען — קריגט די תפילה צעבראָכענע פליגלען, קען זיך נישט אויפהייבן און וואלגערט זיך דאָ, לא עליכם, ארום אין שער האשפה! און הני מילי בשוגג, במזיד פאלט זי נאָר אראָפּ אין שאול תחתיה, און ווערט א קרוין צום קאָפּ פון יענעם בחור, רחמנא לצלן...״

אמונה און כונה זיינען עיקרים, תפילה איז זייער אויסדרוק און פון די עיקרים דרינגען ארויס די מידות, וואָס שאַפן דעם יסוד פונעם עטישן. פון אמונה דרינגט ארויס בטחון, פון תפלה די מדה פון צדקה. לפּנים האָט עס ניט צו טון מיטן טעורגישן קרייז, אָבער ס׳איז גורם, אז דער באַ־טרעפנדיקער פון די מדות זאָל ווערן דער מקורב צום באַשאַנקענעם מיטן טעורגישן. און ווער איז באַשאַנקען מיטן טעורגישן, אויב ניט דער צדיק, דער געבענטשטער מיט אצילות? אַ אילוסטראַציע צו דעם זיינען די פּערסאָנאַזשן וואָלף־בער, נאָסקע און דער „ליטוואַק״ פון דער שוין דער־מאָנטער מעשה „ער, זכרונו לברכה, און זיינע מקורבים״, — ס׳זיינען אפילו עפּיזאָדן פון פּשוטן חסידישן שטייגער, דאָך פון א דורכדרינגענדי־קער מיסטיק און מיפּן פילאָזאָפישן זין.

צום זעלבן טעורגישן קרייז געהערן אויך די מעשות „דער רבינס ציבעק״ און „ניסים ונפלאות״, אָבער אין „ניסים ונפלאות״ ברייטערט זיך אוים דער קרייז מיט ריין פאַנטעאיסטישע עלעמענטן. אָט, צום ביישפּיל, אזא שטעל אין דער מעשה „ניסים ונפלאות״:

„אין איין טאג, דעם צווייטן, ויהי ביום השלישי, דערפילט ער, זאל לעבן, אז לא עליכם, דאס חולשות וואקסט, אז די כוחות גייען אים, חס ושלום, אוים, גיט ער זיך א שטעל אויף, א לויף צו און א פראל אויף דאס פענצטערל פון סוכה און גיט א געשריי ארוים: עצים ואילנות, גיט מיר אייער כח! דשאים ועשבים, איך בין אויף אייך גוזר, גיט מיר אוועק אייער גאנצן כח!"

„ער, זאל לעבן" פארמאגט די קראפט פון טעורגיע. ס'הייסט, ער קען באפעלן תפילה דער טויטער נאטור, ער קען ווייזן ניסים, — אזוי זעט ער אוים אין די אויגן פון די, וואס גלויבן אין זיין געטלעכן כח. און אויב אין דער אלגעמיינער טעורגיע קומט פאר דער קאמף צווישן די גוטע און בייזע גייסטער, צווישן גאט און טייוול, איז עס אין דער יידי־שער טעורגיע דער אבסאלוטער קאמף צווישן דעם יצר־טוב און יצר־הרע. און ס'איז נאטירלעך, אז ביי „ער, זאל לעבן" איז אלע מאל גובר דער יצר־טוב, ער איז אלע מאל פריי פון ניסיונות, ווייל ער רייניקט זיין נשמה פון שלעכטע רעיונות און דענקעניש. און ס'דרינגט ארוים קלאר פון דער געשיכטע וועגן דעם ביימעלע, ווי י. ל. פרץ גיט עס איבער אינעם נאמען פון די, וואס דערציילן די געשיכטע פאר די אנדערע חסידים. גע־ווען איז אמאל א ביימל, וואס האט געטראגן גאלדענע עפל, געווען א עץ עושה פרי און אז „ער, זאל לעבן" האט געוואלט, אז ער האט גוזר גע־ווען האט דאס ביימל, אנשטאט עפל, אנגעהויבן געבן נאדלען. און פאר־וואס האט ער אזעלכעס גוזר געווען? כדי צו פארהיטן יידישע קינדער פון עברות. געווען איז, וואס די צווייגן פונעם ביימל זיינען אריבער איבער דער פארצוימונג אין גאס אריין, — זיי זיינען אריבער אינעם „רשות הרבים" און ס'איז געווארן א מכשול, א גרויסער מכשול, — „תי־נוקות של בית רבן — יינגלעך גייען איבער דער גאס פון חדרים — רייסט מען, איז מען עובר אויף „לא תגנוב". רעדן וועגן דעם די חסידים ביים טיש, אויפן אויער: ער, זאל לעבן דערהערט עס, אבער רונצלט ער, זאל לעבן, דעם שטערן, הייבט אויף די ברעמען, דער עולם ווערט פארציטערט, און מיינט ער וועט שעלטן — מעניש זיין! איז אבער, זעט אוים, גובר מדת הרחמים. עפנט ער, זאל לעבן, אבער די כשרע לעפצן און גיט א זאג: „מפקיר"!"

און די נשמה זיינע רייניקט ער אינעם אפזאגן זיך פונעם ערדישן לעבן, ער פראוועט נזירות, ווייל נאר אויף אזא וועג קען ער קומען צו „עליות", צו דערהויבנקייט אין גייסט, וואס דערנענטערט אים צום געט־לעכן, און מיט דעם כח קען ער מקלל זיין די בייזע גייסטער און זיך מאכן דינסטבאר די גוטע, — ער דערגרייכט דעם כח האצילות. זיין לעבן ווערט

א שליחות נאָר צום גוטן און ער קען זיך אפילו פּאַרמעסטן אויף א גע־רעכטן קאַמף מיטן בורא עולם:

„ער שפּאַרט זיך איין: ער וועט נישט אַרויסקומען פון סוכה ביז ער וועט נישט פּועלן... און ער זיצט מיט דער ליולקע־ציבעק אין מויל און פּיפּקעט — א וואָלקן מיט רויך נעמט אַרום אים, און פון וואָלקן קוקן זיינע אויגן אַרויס, פול עצבות, פול תּפילה און טיילמאָל — עקשנות".

ביי י. ל. פּרצן ווערט עס צוגעפּירט צום פּראָבלעם און רעאַליטעט פון מסירת נפש, אָבער דער עצם פון נתגלה ווערן, ווי דער עצם פונעם מיס־טיש־גייסטיקן, וואָס שפּילט זיך אָפּ אינעם מיסטעריעזן קאַמף צווישן צוויי כּוחות, פון וועלכער דער ערשטער איז „ער, זאָל לעבן" אַליין, הויּ־לע נשמה־ריינקייט און עליותדיקייט און דער צווייטער דער פונעם פּריץ, וואָס איז דער אויסדרוק פונעם בייזן און שלעכטן, פונעם טייוול אַליין, ווי י. ל. פּרץ שילדערט עס אין דער מעשה „ער און זיינע מקורבים" איז א ריכטיקע טעורגישע קאַטעגאָריע, ווי א צווישנשטופּע צווישן דעם דעיס־טישן און פילאָזאָפישן. אינעם שילדערן די צוויי סתירותדיקע כּוחות אין זייער מיסטעריעזן קאַמף קומט י. ל. פּרץ אויף די צוויי מינים טעורגיע, די ערשטע געוועגדט אויפן געטלעכן, די צווייטע אויף דער אַזוי גערופע־נער שוואַרצער מאַגיע, אָדער סיטרא אחרא, — דער ערשטער כּח איז מנצח, ווייל ער קומט פונעם געטלעכן, אָבער באַטראַכט ווי א דענקערי־שע קאַטעגאָריע, גענומען ווי א ריין פילאָזאָפישער אויסדרוק, קען עס אויפגענומען ווערן ווי א ספּעציפישער מין פון א ראַציאָנאַליסטישן מיס־טיציזם, אייגנטלעך אויסשליסלעך דעם יידישן קבלה־גייסט.

„חסידיש" איז אין אַלע פּרטים א דערציילערישע אילוסטראַציע צו די קוואַלן און וועזן פון דער יידישער קבלה. די קבלה איז דער טראַדיציאָ־נעלער קוואַל פון דער יידישער טעאָלאָגיע, — דעיסטיק און פילאָזאָפיע און פאַר די חסידים איז עס געוואָרן דער יש און תּמצית פון זייער גאַנצן זיין און לעבן, אינעם טעאָרעטישן, ווי אינעם פּראַקטישן. פּראַקטיש איז עס געוואָרן א טיפער מיסטיציזם, פאַרבונדן מיט אַן אומבאַגרענעצטן גלויבן אינעם צדיק, אינעם רבין, ווייל ער איז די ריכטיקע עמאַנאַציע פונעם געטלעכן, איז באַשאַנקען מיט געטלעכער קראַפט, טראַנספּערירט אין דער פאָרעם פון וויזיע אויך אויף די אַלע, וואָס קומען אין באַריר מיטן צדיק. ער איז משפּיע אַז אויך די אַנדערע זאָלן קענען זען ברוח הקודש דאָס, וואָס א ניט־גלויבנדיקער קען ניט זען. ווי דערציילט דען דער חסיד אין דער מעשה „משנת חסידים"?

„און מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך זע בחוש, ווי ווייסע טויבן, ווי שניי, פליען פון רבינס מויל אַרויס, און אין אַ צייט אַרום האָט ער, זכרונו לברכה, אויך געמוזט מודה זיין, אַז די קו־לות זיינען געווען שמשים, שלוחים געשיקטע צו דער גאַנצער וועלט, — צו אַלע חיות, צו אַלעביימער און גראָזן, צו מידבריות, וועלדער, ימים און טייכן, צו הימל און ערד, צום גהינום, צום גן־עדן, צו די אָבות, צו דער פמליא של מעלה און האָט אַלע פאַרבעטן אויף דער חתונה..."

ווידער קומט דאָ צום אויסדרוק דער פאַנטעיִסטישער מאָמענט, וואָס באַקומט אין דער מעשה „אַ גלגול פון אַ ניגון" אויך אַ כאַראַקטער פון אַן אַנימיסטישן אימפּרעסיאָניזם:

„און אינמיטן שטילן געררויש פון ביימער איז אַרויסגעשוווּ־מען אַ שטילער, זיסער, ניגון...

„און דעם ניגון, האָט זיך געדאַכט, האַלט אונטער אַ גרויסע, נאָר אַ שטילע קאַפּעלע משוררים, דאָס האָבן געררוישט די ביימער אין וואַלד..."

און נאָך בולטער איז דאָס אַנימיסטישע אין אַ צווייטער שמעל פון דער זעלבער מעשה, פאַרבונדן מיטן דעטערמינירן די פילאָזאָפיע פונעם ניגון:

„דער ניגון, מוזט איר וויסן, איז אַ סך־הכל פון קולות, אָדער ווי יענע זאָגן — טענער.

די קולות אָדער די טענער נעמט מען פון דער טבע; זיי איז קיינער ניט מחדש, און אין דער טבע פעלט ניט קיין קולות, אַלץ האָט אַ קול, זיין אייגענעם קלאַנג, אויב נישט גאָר אַ גאַנצן ניגון!

„די גלגלים, האָבן מיר אַ קימאַ לן, זינגען: טאָג און נאַכט — „יום ליום, לילה ללילה... „האָבן זייער זמר... מענטשן און פייגל זינגען, חיות ובהמות זאָגן שירה... אַ שטיין אָן אַ שטיין קלאַפּט, מעטאַל קלינגט... וואַסער, אַז עס לויפט, שווייגט עס נישט; הערנט אַ וואַלד! ביים קלענסטן ווינטל, זינגט ער דאָך אַ „וואַלאַך", אַן אמתן, שטילן, זיסן וואַלאַך! און די באַן, למשל, — די חיה רעה, מיט די רויט־פלאַמנדיקע אויגן, אַז זי לויפט, באַטויבט זי נישט מיט איר געזאַנג? אפילו די שטומע פיש, האָב איך אין אַן אַלט ספר געזען, געבן אויך אַמאָל אַרויס פון זיך אַ קול־נגינה. טייל פיש, שטייט אין ספר, שווימען פון צייט צו צייט צום ברעג, קלאַפּן מיט די עקן אין זאַמד, אויף אַ שטיין און זינגען זיך דערמיט מחיה!

„ווייניק קולות? מען דאַרף נאָר האָבן אַן אויער, עס זאָל די קור-
לות אויפכאַפּן ווי אַ נעץ, איינזאַפּן ווי אַ שוואָם!
נאָר פון טענער אַליין איז נאָך קיין ניגון נישט!
אַ הויפן ציגל איז נאָך נישט קיין הויז!
דאָס איז ערשט דער גוף פון ניגון; ער דאַרף נאָך אַ נשמה!
און די נשמה פון אַ ניגון איז שוין אַ געפיל פון אַ מענטש:
זיין ליבשאַפט, זיין צאָרן, לייטזעליקייט, נקמה, האַרצבענקעניש,
חרטה, צער, — אַלץ, אַלץ, וואָס אַ מענטש פילט, קאָן ער אריינ-
געבן אין אַ ניגון און דער ניגון — לעבט”.

דאָס אַריינפירן דעם ניגון און די פילאָזאָפיע, ווי דער סענטימענט פאַרן ניגון אין דער חסידישער וועלט איז ניט אַ צופעליקייט, נאָר אַן אָרגאַנישקייט, פאַרבונדן מיט דער פילאָזאָפיע, ווי מיטן מיסטיציזם פון דער קבלה. דער ניגון איז די אַנטפּלעקונג פון דער „מעשה מרכבה”. ווי ס׳ווערט אילוסטרירט מיט אַ דערציילן אין דער גמרא „חגיגא” וועגן רבי יוחנן בן זכאי און זיין תלמיד רבי עליעזר בן ארח. דער תלמיד האָט גע-בעטן דעם רבין אים צו דערציילן דעם סוד פון מעשה מרכבה און קוים האָט נאָר רבי עליעזר אָנגעהויבן צו ריידן, האָט זיך פונעם הימל אַראָפּגע-לאָזט אַ גרויסער פייער און האָט ווי אַ פלאַמען־ים באַדעקט אַלע פעלדער מיט אַ בלענדן שטראַלן און אינמיטן פון דער וווּנדערלעכער דערשיינונג האָבן די מלאכים געלאָזט הערן די הימלישע מעלאָדיעס פון זייערע גנ-עדנישע געזאַנגען, ווי אַ ווידערקול צו פאַרהערלעכן זייער שעפער.

אַלזאָ: אויך דער ניגון פאַרנעמט אַ גרויסן אָרט אין דער אמונה, דער ניגון איז אַ ריכטיקער כונת הנפש און טאַקע ווייל ער איז אַ ריין-זינלע-כער אויסדרוק פון דער מענטשלעכער נשמה און דאָס זינלעכע פאַרנעמט אַ גרויסן אָרט אין דער יידישער קבלה און נאָך מער אין דער יידישער מיסטיק. אויס דעם איז אויך פאַרשטענדלעך פאַרוואָס דער ניגון פאַר-נעמט אַזאַ גרויסן אָרט אינעם חסידישן לעבן און איז דערפירט ממש צו אַ שטופע פון אַ ספּעציעלער פילאָזאָפיע. די קבלה גיט אָן אפילו, אַז דאָס אמתדיקע לעבן איז דאָס אינטעלעקטועלע, דאָס לעבן פונעם גייסט, בעת דאָס זינלעכע איז ניט מער, ווי אַ סוראָגאַט, דאָך ווייזט אָן די קבלה, אַז די זינלעכע וועלט איז דער יסוד פון דער גייסטיקער און איז דער ריכטי-קער אָביעקט פון דער אָנשויונג. אָן דערפאַרונג איז ניט פאַראַן קיין דענ-קען, — אַזאַ איז די טעזע פון דער יידישער קבלה, — און אָן דער זינלע-כער וועלט איז ניט פאַראַן קיין אינטעלעקטועלע וועלט, אָבער די אָנ-שויונג גופא מיטן דענקען און דערקענען, אַרויסגעדרונגען פונעם זינלעכן, זיינען סובסטראַטן פון דער אינטעלעקטועלער וועלט און די אינטעלעק-טועלע וועלט איז דער יסוד פון גאָט־דערקענטעניש. און אויף אַ גאַנץ

דירעקטן אופן איז עס אויך אָנצוּווענדן אויף דער פילאָזאָפיע און טעאָריע פונעם ניגון, וואָס איז אַ עצם פון דער מיסטישער, ריכטיקער געזאָגט, פון דער התלהבות־דערקענטעניש. אין „אַ גלגול פון אַ ניגון" באַקומט עס פאָלגנדיקע אילוסטראַציע:

— „אַ ייִד איז ער געווען אַ דאַרער, אַ טרוקענער, האָט ער אָבער אָנגעהויבן שפּילן, איז ער פּלוצים געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש: די אייביק־אַראָפּגעלאָזטע ברעמען האָבן זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן, און פון די שטילע, טיפע אויגן איז געפאַלן אַן אמתע שיין פון רחמנות איבערן בלאַסן פּנים. מען האָט געזען בחוש, אַז אַצינד איז ער נישט קיין היגער, זיינע הענט שפּילן אַליין, פון זיך, און די נשמה פליט ערגעץ אַרום, הויך, הויך אין עולם הזמרה... טייל מאָל פלעגט ער זיך פאַרגעסן און אָנהייבן זאָגן הויך, און אַ קול האָט ער געהאַט — אַ קלאַרנעט, אַזוי קלאָר און אַזוי ריין..."

צווישן דעם גייסטיקן און זינלעכן איז פאַראַן אַ דירעקטע פאַרבינדונג, דאָס זינלעכע איז די אָנרעגונג פאַרן גייסטיקן און די פאַרבינדונג ווערט נאָך בולטער באַטאָנט אין די ווערטער פונעם אדמו"ר אין דער מעשה „משנת חסידים". די פאַרבינדונג קומט דאָ אַרויף אויף אַ טעאָ־פילאָזאָפישן יסוד:

„איך בין מגלה — האָט ער איינמאָל אויסגערופן און די אויגן, האָט מען געזען, האָבן אים געשטראַלט טאַקע ממש מזיו השכינה — איך בין מגלה, אַז די גאַנצע וועלט איז נישט מער נאָר אַ זמר און אַ טאַנץ פאַר אַ קדוש ברוך הוא! אַלע זיינען משוררים און זינגען זיין לויב! יעדער ייִד איז אַ משורר, אין יעדן אות פון דער תורה הקדושה איז אַ קול נגינה, און יעדע נשמה אין יעדן גוף איז אויך אַ קול נגינה, וואָרום יעדע נשמה איז אַן אות פון דער תורה הקדושה, אַלע נשמות צוזאַמען זיינען די תורה הקדושה אינגאַנצן און בײדע זיינען איין זמר לפני מלך מלכי המלכים, הקדוש ברוך הוא!

„און יעדער מענטש איז אויך אַ כלי־נגינה, און דאָס לעבן פון אַ מענטש איז אַ ניגון, אַ פרייילעכער, צי אַ טרויעריקער ניגון, און אַז מען ענדיקט דעם ניגון, פליט אַרויס די נשמה פון גוף און דער ניגון, די נשמה הייסט עס, באַהעפט זיך צוריק מיט דער גרויסער נגינה פאַרן כסא הכבוד..."

אין דער מעשה „צווישן צוויי בערג" ווערט דער מענטש, די נאַטור און דער ניגון איינס. דאָס סענסיטיווע פונעם מענטש, דאָס פאַנטאַסטישע ווערן דאָ אַ פולשטענדיקע אַנימיזירטקייט, פאַרגעשטעלט אין אַן

עקספּרעסיוועך פּלאַסטישקייט. ניט דער מענטש, נאָר די נאַטור, ווערט דער רעפלעקס פונעם מענטשלעכן נשמה־צושטאַנד, — אַ אין־סופעדיקע באַהעפטונג אין דער התלהבות פון פרייד און נגינה:

„אַ גרויסער, ברייטער הימל — ממש אין־סוף, און בלאָ, אַזוי העל־בלאָ איז דער הימל געווען, אַז עס האָט מחיה געווען דאָס אויג. איבערן הימל זיינען געשווימען ווייסע ממש זילבערנע, וואָל־קנדלעך, און אַז מען האָט זיך אין זיי איינגעקוקט, האָט מען געזען, ווי זיי ציטערן ממש פאַר פרייד, ווי זיי טאַנצן אונטער מיט שמחת־תורה! הינטן ווייטער האָט ארומגענומען די שטאָט אַ גרינער, בריי־טער גאַרטל, אַ טונקל־גרינער, נאָר דאָס גרינע איז געווען לעבעדיק־גרין, אַזוי לעבעדיק, גלייך עס וואָלט אַ „חיות" ארומגעפלויגן צווי־שן די גראָזן; וואָס אמאָל, האָט זיך געדאַכט, פלאַמט ערגעץ אַנ־דערש אויס אַ חיות, אַ געשמאַק, אַ לעבן; — מען האָט געזען בחוש, ווי די פלעמעלעך שפּרינגען און טאַנצן צווישן די גרעזעלעך... גלייך זיי האַלדזן און קושן זיי...

„און אויף די לאַנקעס מיט די פלעמלעך האָבן זיך ארומגע־דרייט כיתות און כיתות פון חסידים... די אטלאַסענע און אפילו די לאַסטיגענע קאַפּאָטעס האָבן געבלאַנקט ווי די שפּיגל, די צע־ריסענע ווי די גאַנצע"... און די פלעמלעך, וואָס האָבן זיך ארויס־געריסן פון צווישן די גרעזלעך, האָבן זיך געכאַפּט און געציפּעט אָן די שפּיגלדיקע בגדי יום־טוב, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי טאַנצן ארום יעדן חסיד, מיט התלהבות, מיט ליבשאַפט... און אַלע כתות חסידים האָבן געקוקט מיט וואונדערלעך־דאָרשטיקע אויגן ארויף צום רבינס גאַניקל... און די דאָרשטיקע אויגן, האָב איך געזען ממש בחוש, זייגן פון גאַניקל, פון רבינס פּנים, די ליכט, און וואָס מער ליכט זיי האָבן געזויגן, העכער געזונגען האָבן זיי... אַלץ הע־כער און העכער... אַלץ לוסטיקער, אַלץ הייליקער...

„און יעדע כתה האָט זיך געזונגען איר ניגון. נאָר אין דער לופט האָבן זיך די אַלע ניגונים מיט אַלע קולות אויסגעמישט; און צום רבינס גאַניקל איז צוגעקומען איין ניגון... גלייך אַלע זינגען איין זמר. און אַלע זינגען — דער הימל זינגט, די גלגלים זינגען, און די ערד פון אונטן זינגט, און די נשמה פון דער וועלט זינגט — אַלץ זינגט!"

„די נשמה פון דער וועלט", — ס'איז אַן אבסאָלוט פילאָזאָפישע קאַ־טעגאָריע, וואָס קען פאַרגלייכט ווערן מיטן העגעלס „אוניווערסאַלן גייסט", און ס'איז אַ סברא, אַז העגעל האָט די אידייע געירשנט פון דער יידישער קבלה און ביי די חסידים איז עס געווען אַ פאַרשטענדלעכקייט,

וואָס ווערט נים געשטעלט צו קיין פּלפּול, ווייל ווער איז דען פּאַר זיי די נשמה פון דער וועלט, אויב ניט דער געטלעכער גייסט, וואָס שוועבט איבעראל און דרינגט אריין אין אַלעם און אַלעמען? און צו דעם האָט אויך אַ שייכות דער ניגון, ווי אַ רעפלעקס פונעם חוש, וואָס שפּילט ביים גלוי־ביקן, ביים מענטש פון אמונה, אַ גרויסע און טיילמאָל אויך אַן אבסאָלוטע ראָל. י. ל. פּרץ שטעלט פאַר אַזעלכע בעלי־אמונה, אָבער וואָס דינען צו גאָט ניט אויס מורה און עצבות, נאָר גאָר אויס פרייד. י. ל. פּרצעס חסי־דים געהערן ניט איבערהויפּט צו די, וואָס האַלטן פון אַן אבסאָלוטער נזירות, דער עניות־הגוף גייט ביי זיי ביז אַ געווויסן גרענעץ. און אין דעם פּרט זיינען זיי די עכטע מקובלים, וואָס האַלטן, אַז, פּונקט ווי די נשמה, מוז אויך דער גוף האָבן זיין תיקון, אָבער דער גוף אַליין זאָל ניט ווערן אַן עיקר, — אַלעס דאַרף גיין אין אַ ראַציאָנעלער פאָרם און אין אַזאַ שטייגער, אַז דער גוף זאָל טאַקע ניט ווערן דער קנעכט פונעם גייסט, דאָך זאָל אויך דער גוף ניט נעמען די אויבערהאַנט איבערן גייסט. און אָט ווי ס'ווערט פאַר דעם אויפגעשטעלט די ראַציאָנעל־לאָגישע פאָרמול:

— „נאָר דער סוד איז אויך גאָר פּשוט: דער גוף איז בבחינת עבד, — ער איז אַ קנעכט צו דער נשמה! דער גוף איז אַ בעל־תאוה, ער זעט אַ שמיק חזיר, אַן אשת־איש, אַן עבודה זרה, ווייס איך וואָס — שפּרינגט ער פון דער הויט אַרויס: זאָגט אָבער די נשמה: לא תעשה! מוז ער טון, מעג ער זיין מיד, געהרגעט... מוזן די הענט אַרבעטן, די פיס לויפן, דער מויל רעדן... פאַרוואָס? דער פּריץ די נשמה הייסט! און פונדעסטוועגן: לא תסגיר! אינגאַנצן איבערגעבן דעם גוף צו דער נשמה, טאָר מען אויך נישט, די פייער־דיקע נשמה וואָלט אים פאַרברענט, אַש פון אים געמאַכט. און ווען דער רבונו של עולם זאָל וועלן נשמות אָן גופים, וואָלט ער קיין וועלט ניט באַשאַפן! און דעריבער האָט דער גוף אויך זיינע זכיותן... „כל היושב בתענית נקרא חוטא" (דער וואָס פאַסט אַ סך הייסט אַ זינדיקער) — דער גוף דאַרף עסן! ווער עס וויל פאָרן, מוז שפּייזן דאָס פערד! קומט ווייטער אַ יום־טוב, אַ יומא דפּגראַ — פריי דיך אויך! נעם אַ קאַפּ בראָנפן, פריי דיך גוף אויך! און די נשמה האָט הנאה: די נשמה — פון דער ברכה, דער גוף — פון קאַפּ! פּסח, זמן חרותנו — קום אהער, גוף, כאַפּ אַ קניידל! און ווערט דאַדורך געהויבן, נתעלה! ער קומט צו שמחת מצוה!"

יעדע מעשה פון „חסידיש" קען מען אייגנטלעך באַטראַכטן, ווי אַן אילוסטראַציע־מאמר. אַנשטאָט אויפצוקלערן פּראָבלעמען פון קבלה דורך אַ פּשט, מאַכט עס י. ל. פּרץ אין אַ דערציילערישער פאָרם, פאַרשטענד־לעכער פאַר יעדן איינעם און ס'דרינגט אַריין אויך טיפער אין געדעכע־

ניש און אין הארץ. און דערצו ווערן די אלע פּראָבלעמען אין זייער פי־לאָזאָפישן אָדער מעורגיש־מיסטישן כאַראַקטער אָדער גאָר אין זייער אנ־טראָפּאָמאָרפיסטיש־פּאַנטעיִסטישן אויסדרוק, פאַרבונדן מיט עטישע פּראָ־בלעמען. אויף אַזאַ שטייגער ווערן באַרירט די פּראָבלעמען פון יצר־טוב און יצר־הרע, כונה און אמונה, פון בטחון און צדקה, פון תורה און תפלה, אז גאָט דאַרף מען דינען מתוך שמחה און ניט מתוך יראה, אז פּייניקן דעם גוף הייסט באַגיין אַ גרויסע עברה און אז די תורה גופא אין איר געלערנט ווערן זאָל ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ דוגמאַ, אין אַ יחידישער ראַציאָנאַליסטישקייט, נאָר אַז זי זאָל זיין „דורכגעווייקט מיט אהבה און דבקות". עיקרדיק ווערט עס אַרויסגעבראַכט אין דער מעשה „צווישן צוויי בערג", איבערגעגעבן אין די ווערטער פונעם איבערדערציילער:

„מילאָ, וואָס זאָל איך אייך דערציילן? דעם בריסקער רבס תורה? אויב די תורה איז אַ ים, איז ער געווען דער לויתן אין ים, — מיט איין תנועה גיט ער אַ שווים דורך צען מסכתות: מיט איין תנועה מישט ער אויס ש"ס ופוסקים! אז עס הילכט און שפּריצט, זידט און קאָכט, טאַקע, ווי מען דערציילט פון אמתן ים... דעם קאָפּ האָט ער מיר צעשרויפט... נאָר „לב יודע מרת נפשו!" דאָס הארץ מיינס האָט פּאַרט נישט געהאַט קיין שמחת יום־טוב! און דעמאָלט האָב איך מיר דערמאָנט אין רבינס חלום... און איך בין פאַרשטאַרט געוואָרן! די זון איז געלעגן אין פענצטער, ווייל האָט ביים טיש ניט געפעלט, דער גאַנצער עולם, זע איך, שוויצט, און מיר? מיר איז געווען קאַלט ווי אייז! און דאָרטן, האָב איך געוווּסט, זאָגט מען אַן אַנדער תורה... דאָרטן איז ליכטיק און וואַרים... יעדעס וואָרט איז דורכגעוועבט און דורכגעווייקט מיט אהבה און דבקות... מלאָכים, פילט מען, פליען אַרום שטוב; ממש מען הערט, ווי עס רוישן די גרויסע, ווייסע פליגל..."

„צווישן צוויי בערג" איז אַבסאָלוטער סימבאָל און באַציט זיך אויף צוויי שיטהס פונעם אמונה־פּראָבלעם. דער בריסקער פון איין זייט איז אַ שיטה און דער ביאַלער פון דער צווייטער איז אַ שיטה פון אמונה־דער־קענטעניש. ביים בריסקער איז עס דוגמאַטישער ראַציאָנאַליזם, פאַרבונדן מיטן שאַרף־אינדיווידואַליסטישן, בעת ביים ביאַלער איז אמונה, פאַר־בונדן מיט תורה, דער אויסדרוק פון אַ קאָלעקטיווער פרייד, אריינגע־דרונגען דירעקט אינעם לעבן, — ריכטיקער געזאָגט, זי איז דאָס לעבן אַליין און גאַנץ טרעפלעך ווערט עס טאַקע פאָרמולירט אינעם שמועס צווישן דעם ביאַלער און בריסקער; הויבט אָן דער ביאַלער:

— „אייער תורה, רבי, איז סאַמע דין, אָן רחמים איז זי! אָן אַ פונק חסד איז אייער תורה! און דעריבער איז זי אָן שמחה, אָן

פרייען אָטעם... סאמע ברזל ונחושת, אייזערנע חוקים, קופּערנע די־נים... און סאמע הויכע תורה, פאַר לומדים, פאַר יחידי סגולה!...

„דער בריסקער רב שווייגט און דער רבי זאָגט ווייטער: און זאָגט מיר, רבי, וואָס האָט איר פאַרן כלל ישראל? פאַרן האָלץ-העק־קער, פאַרן קצב, פאַרן בעל־מלאכה, פאַרן פּראָסטן ייִד?... בפרט — פאַר אַ זינדיקן ייִד? וואָס, רבי, האָט איר פאַר נישט־לומדים?"

„דער בריסקער רב שווייגט, גלייך ער פאַרשטייט נישט, וואָס מען רעדט צו אים, און דער ביאַלער שטייט אַלץ פאַר אים און זאָגט ווייטער מיט זיין זים קול:

— „זייט מיר מוחל, רבי, נאָר דעם אמת מוז איך אייך זאָגן... האַרט איז געווען אייער תורה, האַרט און טרוקן, ווייל זי איז נאָר דער גוף און נישט די נשמה פון דער תורה!

„ — די נשמה?" פרעגט דער בריסקער רב און רייבט זיך דעם הויכן שטערן.

— אודאי! אייער תורה, רבי, האָב איך געזאָגט, איז נאָר פאַר יחידי־סגולה, פאַר למדנים, נישט פאַר כל ישראל. און די תורה מוז זיין פאַר כל ישראל. די שכינה מוז רוען אויף כל ישראל! ווייל די תורה איז די נשמה פון כל ישראל!

— און דיין תורה, נו?

— איר ווילט זי זען, רבי?

— תורה — זען? וואונדערט זיך דער בריסקער רב.

— קומט, רבי, איך וועל זי אייך ווייזן!... איך וועל אייך איר גלאַנץ ווייזן; די שמחה, וואָס שטראַלט אַרויס פון איר אויף אַלע, אויף כל ישראל!"

תורה איז ניט בלויז אַן ענין פונעם אוידיטיוון, פון הערן מיטן אויער, נאָר אויך פונעם וויזועלן, פון זי קענען אויפנעמען דורך אָנשויונג. און דאָ ווערט אַרויסגעבראַכט דער אונטערשייד צווישן צוויי שיטהס, — איי־נע אַ ראַציאָנאַליסטישע, וואָס ווערט אַן ענין פון יחידישקייט, פאַראיינ־דיווידואַליזירט אוןאפילו פאַראַריסטאָקראַטיזירט, ווערט בלויז אַן ענין פון „יחידי סגולה", די תורה פונעם בריסקער איז הוילער ראַציאָנאַליזם אַן אַ קאַפּל סענטימענט, זי איז טרוקן, זיין לערנען איז בלויז „דער גוף פון דער תורה, דער נגלה, דאָס, וואָס עס ליגט פון אויבן אויף — איז טרוקן". בעת ביים ביאַלער ווערט דאָס לערנען אַ תורת־חיים, איבערוועבט מיט סענטימענט און אפילו אויף אַזאַ שטייגער, אַז זי ווערט וויזועל, פשוט געזען און אויפגענומען דורך אָנשויונג. ביים ביאַלער איז דאָס הויפּטזעכלעכע די וויזיע, נעמט אָן ביי אים אַ כאַראַקטער און אויסדרוק פון אַ תורת־חיים, וואָס אַנטפּלעקט זיך ווי אַ שיינער, רייכהאַלטיקער פּרדס,

ווי אַלע געניסן פון אירע פּרוכטן. דער פּרדס איז די רייכהאַלטיקייט פון דער קבלה, פאַרוועבט אין אַ מיסטישער וויזיאָנערישקייט, ווי די תורה ווערט אַן ענין ניט אַזוי פון לערנען, ווי פון אַבסאָלוטער דערקענטעניש, — ס'איז דער וועג צו דער אַבסאָלוטער אמונה, פאָרמולירט ווי אַ מיסטישע מעטאַפיזיק. ס'איז תורה ניט בלויז, ווי אַ שכלדיקייט, נאָר די גרויסע אמונה, וואָס דרינגט אַרויס פון טיפן סענטימענט, ריכטיקער געזאָגט, פונעם אינטויִטיוון. ריכטיק ווערט עס דעפינירט אין „יוחנן מלמדס מעשה־לעך״ —

„איך האַלט מיך ביי מיינעם, אָן אמונה איז נישט מעגלעך! מיטן שכל אַליין קען מען ניט אויסקומען.

„דער אמת איז, אָן אמונה, אָן רצון! אויף פּראָסט יידיש הייסט עס, — אַ מענטש, וואָס גלייבט נישט, וויל גאָרנישט, גלוסט צו גאָרנישט!

— אַזאַ מענטש איז נישט מער, ווי אַ שטיק ליים, אַ גולם!

„און, אויב דו זעסט, אַז מענטשן האָבן תאוות, אָדער זיי ברעכן די תאוות צוליב גרעסערע, אָדער העכערע תאוות, אַז מענ־טשן, על כל פּנים, עסן און טרינקען, האָבן שלום־בית, אַרבעטן מיט שוויים, דער מוח איז פאַרטון אין מסחרים, זאָלסטו וויסן, אַז זיי גלייבן! אַז זיי גלייבן לכל לפּחות אין זייער אייגן לעבן!...״

אין אַזעלכע פּשוטע ווערטער ווערט אונטערגעשטראָכן דער טיפער קבלה־פּרינציפּ, אַז „די גאַנצע וועלט איז כולו אמונה״ און ביי דעם ווערט שוין אויך אַרויסגעבראַכט דער עיקר פון דער קבלה־פילאָזאָפיע, וואָס נעמט דעם שורש אינעם פאַרגלייך צווישן דעם מאַקראָקאָסמישן און מיק־ראָקאָסמישן, צווישן גאָט און זיין וועלט מיטן מענטשן און זיין מוח:

„די וועלט איז גרויס אָן אַ שיעור. טאַקע אין־סוף! און אונדזער מוח איז אַזוי קליין, אַזאַ פּיצל, אַז מיר זעען אוים, ווי אַ מענטש, וואָס גייט אַרום אין אַ פינצטערער נאַכט, אין אַ וויסטער, פינצטע־רער מדבר, מיט אַ גראָשנדיק ליכטל אין דער האַנט, וואָס לייכט קוים ד' על ד'״.

„ר' נחמנקעס מעשות״, „יוחנן מלמדס מעשהלעך״ און „אָנט־פּלעקט״ זיינען טיפּישע קבלה־אילוסטראַציעס, ווי זיי שפּיגלען זיך אָפּ און לעבן אינעם דימיון פונעם פאָלק. און אַזוי איז אויך גאַנץ „חסידיש״: געבויט אויף די קבלה־עיקרים. און דערביי איז אויך מערקווירדיק דער סטיל, וואָס י. ל. פּרץ באַנוצט, — אַ מין טיפּישער „אָמר רב יוחנן בן זכאי״: אינעם רב מעשות פון „חסידיש״ דערשיינט אַ דערציילער, אַ פּיר־

שפּרעכער, וואָס הויבט אָן דערציילן אַ מעשה צוליבן אַרויסברענגען אַ געדאַנק און אילוסטרירט דערביי דעם פּשט צום געדאַנק מיט אַ דער־ציילן, פאַרבינדן מיטן לעבן. תּוך כּדי דיבור ווערן אַרויסגעבראַכט פאַרשיי־דענע עלעמענטן פון קבלה, אָפּגעשפּיגלט אין איר מעטאַפיזיק און טעאָ־זאָפיע, פּסיכאָלאָגיע און קאָסמאָלאָגיע, פאַנטעיזם און אַנטראָפּאָמאָר־פיזם, — מיט דעם האָט די קבלה אויסגעברייטערט און פאַרטיפט דעם קרייז פונעם יידישן מאָנאָטעיזם און די קבלה גופא איז געקומען ממלא צו זיין דאָס רעליגיעז־פילנדיקע און פילאָזאָפיש־דענקערישע. דער יידישער מאָנאָטעיזם איז געווען די רעאַקציע קעגן דעם געצנדינערישן פּאָליטעיזם און פונקט ווי בײַ די געצנדינער איז דער קולט אַריבער אין פאַנטאַזיעפו־לער, פּאָעטישער מיטאָלאָגיע, אַזוי איז עס ביי די יידן געוואָרן מיסטישע וויזיאָנערישקייט, אויפגעצייכנט אין אַ פילאָזאָפישער טעאָריע וועגן גאָט־מאַכט און גאָט־איינקייט. דאָ האָט פּשוט דער מענטשלעכער שכל פאַר־לאַנגט זיינע רעכט און דער גייסט פון דער קולטור זיין מאַכט. אויף אַזאַ שטייגער איז אַנטשטאַנען און זיך אַנטוויקלט די יידישע קבלה, אַריינ־געדרונגען טיף אין דער יידישער פאָלקס־נשמה, געוואָרן אַ יש פונעם יידישן גלויבערישן לעבן, — דאָס פאָלק גופא האָט עס איינגעוויקלט אין אַ לבוש פון מעשהלעך און דאָס מעשהלע איז געוואָרן דער עיקר פון זיין דענקען און פילן, — ס'איז געוואָרן די פילאָזאָפיע פונעם פאָלק. דאָס, וואָס ביי די אומות־עולם איז תּחילת געווען מיטאָלאָגיע, ווי אַ ערשטע שטופע צו דער פילאָזאָפיע פון גלויבן, איז ביי די יידן גלייך געוואָרן אַ פילאָזאָפיע, דעטערמינירט אינעם באַגריף קבלה. די אויסטייטשונגען און די פּירושים קענען דערביי זיין פאַרשיידענע, אָבער י. ל. פּרץ האָט עס אויפגענומען, ווי ס'לעבט און אַנטוויקלט זיך אינעם דימיון פונעם פאָלק, אין דער איבערליפערונג פון מענטש צו מענטש, פון דור צו דור, און באַ־קליידנדיק מיט פּאָעטישער פאָרם און סטיל, פירט ער עס צו די אור־קוואַלן פון זיין אָפּשטאַם. אין דעם זין איז „חסידיש" אַ ריכטיקער רעפּ־לעקס פון דער יידישער קבלה און ס'זיינען ניט גלאַט מעשהלעך אַזוי צום דערציילן, נאָר ס'איז דער ריכטיקער אויסדרוק פונעם „שכל וואָס פאַר־לאַנגט זיינע רעכט און דער יידישער גייסט אין דער מאַכט פון זיין פילן און דענקען".

# י. ל. פרצ׳עס דיכטונג - פילאָזאָפיע
# פון סאָציאַלער טראַגיק

# י. ל. פּרצעס דיכטונג — פילאָזאָפיע פון סאָציאַלער טראַגיק

אין קיינעמס ליד האָט דער מענטש און פאָלק ניט פאַרנומען אַזאַ אָרט, ווי בּאַ י. ל. פּרצן. דאָס סאָציאַלע ליד אין דער יידישער דיכטונג איז ניט קיין נייעס. מאָריס ווינטשעווסקי, באָווּשאָווער און מאָריס ראָזנפעלד האָבּן געשטעלט דעם שאַרפסטן טראָפּ אויפן סאָציאַלן, פונדעסטוועגן איז דאָס סאָציאַלע אין זייערע לידער ניט דערהויבּן געוואָרן צו אַזאַ קאַטעגאָריע ווי בּיי י. ל. פּרצן. עס איז אויך אמת, אַז י. ל. פּרצעס דיכטונג איז אַ גאַנץ שוואַכע, אָבער מ'דאַרף זי ניט באַטראַכטן אויס אַזאַ קוקווינקל, נאָר פון דעם, וואָס ער איז אויסן געווען. י. ל. פּרצעס דיכטונג דאַרף מען באַטראַכטן אויסן „סוף במחשבה תחלה" און דעמאָלט אַנטפּלעקט זיך ניט נאָר איר זין, נאָר אויך איר אויפקלער־וויכטיקייט פאַר די אידייען, וואָס זיינען בּיי אים געווען איינגעוויקלט אין אַ שאַרף־אינטעלעקטועלער לבושע־דיקייט.

איינס איז קלאָר: י. ל. פּרץ איז דער ערשטער, וואָס האָט גענומען אין באַטראַכט ניט נאָר דעם מענטש, ווי אַ יחיד, נאָר אויך דאָס פאָלק ווי אַ כלל, און העכסטע קאַטעגאָריע, — פאַר אים איז געווען וויכטיק די נאַציע אין אַלע אירע עטיש־ווערטיקע אַספּעקטן. און די נאַציע האָט ער געזען ניט דורך אירע אויסדערוויילטע „מראהכהנ'דיקע" יידן, ניט דורך די „בני־תורה", נאָר דווקא דורך דער פּשוטער מאַסע, דורכן המון־מענטש, אַרויס־גייענדיק פונעם אמת, אַז „קול המון כקול שדי" און די מאַסע איז געווען פאַר אים אַן אוצר פון געטלעכע אַנטפּלעקונגען, פון אַ גייסטיקער ענער־גיע, פּעיִק מיט איר מסירת־נפשדיקייט איבּערצואַנדערשן דאָס לעבן, צו־געבּנדיק דעם אַ נייעם זין און נייע אינהאַלטן. ער האָט דערשפּירט אין דער מאַסע אַ שאַפנדיקע דינאַמיק, אָבער די דינאַמיק האָט זיך אַנטוויקלט כאַאָטיש, עס האָט איר געפעלט ריכטונג און ס'איז געווען נייטיק די די־נאַמיק צום ראַציאָנאַליזירן. פאָלק איז אין זיינע אָנהויבּן פּרימיטיוו, דאַ־ריבּער איז אינעם פאָלק אַנטוויקלט מער דער סענטימענט, די אינטויִציע,

ווי דאָס לאַגישראַציאָנעלע. און י. ל. פּרץ זאָל ווי געוועזן האָבן זיך גע־שטעלט די אויפגאַבע און עס באַטראַכט אַפילו פאַר זיין אַ חוב אָנצורעגן די אַנטוויקלונג, די סענטימענטן און אינטויציע פון דער מאַסע, צוגעבנדיק זיי אַ פאָרם און באַרייכערן מיט אינהאַלט, — ער איז אויסן געוועזן צו פירן די פאָלק־מאַסע פון סענטימענט און אינטויציע צו דענק־ און גע־דאַנק־קאַטעגאָריעס. סענטימענט און אינטויציע געהערן צו די קאַטעגאָ־ריעס פון ראָמאַנטישקייט, דענק־ און גדאַנק־קאַטעגאָריע צו רעאַליסטיש־קייט און אַזוי אַרום האָט ער פאַרבונדן ראָמאַנטישקייט מיט רעאַליסטיש-קייט, וואָס קען פילאָזאָפיש אויפגענומען ווערן ווי אַ פאַרבינדונג פונעם מעטאַפיזיש־טראַנסצענדענטאַלן מיטן פּאָזיטיוו־עמפּירישן. ס׳ערשטע בינדט זיך ביי י. ל. פּרצן מיטן אינדיווידועלן, דאָס צווייטע מיטן כללישן, צווישן זיך צוזאַמענגעבונדן ווי חוש און פאַרשטאַנד.

י. ל. פּרצעס גאַנץ שאַפן איז געוועזן אַן ענין פון אויפנעמען עטיש־פילאָזאָפיש די יִידישע רעאַליטעט און אמת, און, אין אונטערשייד, צום רוב אַנדערע יִידישע דיכטער, האָט ער אינעם סאָציאַל־עטישן אריינגענו־מען אויך די ליבע, אין דעם פּרט איז ער ווירקלעך געוועזן אַ „פּורץ גדר“, טאַקע מיט דעם, וואָס ער האָט דער ערשטער אריינגעבראַכט דעם ליבע־מאָטיוו אין דער יִדישער דיכטונג. ליבע, נאַטירלעך, האָט צו טון מיטן אינדיווידואַליסטישן און אינדיווידועלן, אַזאַ איז דער שטייגער און כאַ־ראַקטער פון ליבע. זי איז אַן אינדיווידועלע אייגנשאַפט און אינדיווידוא-ליסטישער געפיל. דאָך ביי י. ל. פּרץ געווינט עס זין מיט דעם וואָס ער איז אויסן געוועזן דאָס געפיל אַרויסברענגען אין אַלע פיינע און איידעלע שטריכן, אַז עס זאָל אָנרעגן דאָס פאָלק אין אַ נייגונג צו אַ געפיל, וואָס פאַראיידלט און מאַכט שענער, זאַפטיקער דאָס לעבן. ער איז אויסן געוועזן צו אַנטוויקלען דאָס געפיל ביים פאָלק, ס׳זאָל זיך אויסלערנען צו פאַר־שטיין, ערשטנס, אַז ליבע איז ניט קיין חטא און עבירה, און, צווייטנס, אַז ליבע איז אַ דערהויבנדיק־גייסטיקע עסטעטישע קאַטעגאָריע. פונדעסטוועגן האָט ער די ליבע ווי אַזעלכע אויפגענומען ניט אין אַ פרייד און גליקלעכ־קייט, נאָר אין שאַרף־פּעסימיסטישע טענער, ווי —

„קראַנק איז דאָס האַרץ...
שווער איז דאָס האַרץ...
ווי פינצטער און גליטשיק איז דאָרט...“

דאָך איז זיין פּעסימיזם ניט געווען אַ געפיל פון פאַרצווייפלונג, נאָר מער אַ מין נשמה-שטימונג, וואָס לייטערט זיך דאָך אין אַ שטראַל פון האָפ־נונג, —

„און דאך קען דארט בליען גליק אן א שיער,
עס דארף נאר דיין ווארט!"

און אויפגענומען האט י. ל. פרץ דעם ליבע־מאטיוו אין זיין עמאטי־ווער ווירקונג. דאס עמאטיווע איז א פסיכאלאגישע, מער א פסיכישע דער־שיינונג און ביי י. ל. פרצן גייט די ליבע־אנרעגונג ניט אינעם סענסועלן, ביי אים איז זי ניט א בלויזער סענטימענט, נאר זי ווירקט אויך „מוחיש", ארויסגעבראכט פלאסטיש און מעטאפאריש, ווי —

„און קלאר ווי גאלד איז דיין פארשטאנד!
און קלאר דיין אויג, און פעסט דיין האנט!
און שארף די שפיז!
און א ציטער! כ'זאג דיר אפן
האסט געצילט, דו האסט געטראפן, —
און — איך ליג ביי דיינע פיס!"

ס'איז מערקווירדיק, ווי אין דעם ליד בינדן זיך הומאר און ערנסט. מ'קען עס אננעמען פאר א פריוואלן ליד, אבער שוין די מעטאפאר און עקספרעסיע ווייזן פסיכאלאגישן צושטאנד. פסיכאלאגיע ווידער איז א טייל פונעם פילאזאפישן. אויך איז ריכטיק, אז אפילו אין דער ליבע האט דער פארשטאנד א סך צו זאגן, הגם מ'איז אויסן צו רעדוצירן די ליבע נאר צו סענטימענט, זי פארוואנדלען אין א ריין־סענסועלער דערשיינונג. דאך: ווען ליבע זאל זיין אפילו נאר א סענטימענט, האט אויך דער סענטימענט זיין פילאזאפיע. און דער סענטימענט ווערט ברייטער, פולער, ווען ער זוכט זיין אנשפאר אינעם פארשטאנד. דער סענטימענט איז דער מאטאר, דאס אנרעגנדיקע, דער דאמינירנדיקער עלעמענט, בעת דער פארשטאנד שאפט און ברענגט ארויס דעם קאנצעפט, דעם זין, ווייל ליבע איז אויך מעדיטאציע און דאס מעדיטירנדיקע שפרייט זיך אויס אויף דעם, וואס ס'וועט בלייבן לעבן ווייטער. ווי אויך אין דעם וואס ס'איז פאראורטיילט צו אונ־טערגאנג. דער בוים בליט אין גינגאלד, ער טראגט זיך שטענדיק אין דער הויך, און, אפילו עס בלאזן קאלטע ווינטן, וועט דער בוים דאך ווייטער בליען מיטן קומען פונעם זומער, —

„דער בוים וועט ווידער בליען
צו מזל און צו גליק!"
אבער וואס וועט ווערן פונעם בלעטל דעם געפאלענעם?
„— אמת, — קלאגט דאס בלעטל, —
נאר וואס וועט זיין פון מיר?
עס פייפט דער ווינט אן רחמים:
מיסט וועט זיין פון דיר!"

דערמאָנט מען זיך, אַז אַ ענלעך ליד איז פאַראַן ביים רוסישן דיכטער קאָלצאָוו, און פונקט ווי קאָלצאָוו איז אויסן געווען מיט דעם ליד דאָס רעאַליסטישע און גלייכצייטיק אויך דאָס אַלעגאָרישע, אַזוי איז אויך ביי ביי י. ל. פּרצן זיכטיק די אַלעגאָריע במעט אינעם רוב פון זיינע לידער. אַלעגאָריע איז אָפטמאָל אַ פאָרם פונעם סאָציאַלן אויסדרוק, זי קומט דאָרט ווו עס איז פאַראַן פּעסימיזם און דאָס פּעסימיסטישע איז דורכאויס כאַראַקטעריסטיש פאַר י. ל. פּרצעס שטימונג־לידער.

ס'איז פאַראַן אַ מערקווירדיקער אונטערשייד צווישן י. ל. פּרצעס חסידישע און פאָלקסטימלעכע געשיכטעס און זיינע לידער. אינעם ערשטן אַזוי פיל ליכט, גלויבן און האָפנונגען, בעת אינעם ליד איז ער דער אַבסאָלוטער ניט נאָר סקעפּטיקער, נאָר אויך מיזאַנטראָפּ, און, אויב דאָס ליד איז פאַרבינדן מיט סאָציאַלער טראַגיק, ווערט עס אויך אַ ריכטיקע פילאָזאָפיע פון פּעסימיזם. ווען י. ל. פּרץ זאָל ניט געווען האָבן אַרויסגעוויזן אַזויפיל ליבע דער פרוי, ווי ער ווייזט אַרוים אין אַלע זיינע ווערק, וואָלט מען געקענט זאָגן, אַז ער געפינט זיך אונטער שאָפּנהויערס השפּעה. אָבער י. ל. פּרצעס פּעסימיזם איז אַ גאַנץ אַנדערער, ער דרינגט אַרוים ביי אים פונעם הערשנדיקן אומרעכט, דאָך ניט ווייניקער אויך פון זיין ראָמאַנטיזם. י. ל. פּרץ האָט אפילו ניט געשילדערט קיין סאַלאָנען, ער איז ניט געווען פאַרבונדן מיט דער הויכער אַריסטאָקראַטיע, דאָך גייט זיין פּעסימיזם אויף דער זעלבער ליניע, ווי ביי בייראָנען, און דאָס, וואָס ביי בייראָנען איז „טשאַילד גאַראָלד" איז ביי י. ל. פּרצן זיין „מאָניש" און ביידע זיינען זיי געווען באַהערשט פון ענלעכע פּעסימיסטישע שטימונגען, אַרויסגעדרינגענע פון זייער ראָמאַנטישקייט. ראָמאַנטיזשקייט באַציט זיך ניט נאָר אויפן שיינעם מין, נאָר אויך אויף דער סאָציאַלער סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט, דאָס אומרעכט האָט געמאַכט ווייטיקן י. ל. פּרצעס סענטימענטן און פון דעם איז ביי אים אויך געקומען אַז, —

„אין האַרץ דעם קראַנקן\
הייבט אָן צו קלינגען —\
דאָס טרויעריקע ליד."

עס איז געוואָרן ביי אים דאָס ליד פון „שוואַרצע פליגל־פינצטער שוואַרצע געדאַנקען" און קאָנצענטרירנדיק זיין ראָמאַנטישקייט אויף אַן אָביעקט פון ליבע, ווערט ביי אים וויזיע פאַרוואַנדלט אין האַלוצינאַציעס—

„טרייבן, מישן זיך און שוועבן\
— — — — — — — — — — —\
פלעקן פאַרביקע און שפּינען\
בלומען, שטערן און געזיכטער

און עס ווערט באלד אלעס צערינען!
איין געזיכט פארהאלט זיך לענגער...
שווארצע אויגן פול מיט טרערן — —
עפעס שעפטשען בלאסע ליפן
נאר איך קען קיין ווארט ניט הערן."

מ׳קען ניט זאגן, אז עס זאל זיין אינגאנצן א געזונטער ראמאנטיזם, אבער זיין ראמאנטיזם איז ניט אן איינהייטלעכער. פאראן ביי אים ראמאנטיזם, וואס דרינגט ארויס פון פרייד, פון א ספעציפיש־פרצישער רעוואלוציאנערישקייט און פאראן ביי אים א ראמאנטיזם אבסאלוט אן אינדיווידואליסטישער, א אינזיכיסטישער. און דער אינדיווידואליסטישער ראמאנטיזם קומט ביי אים גראד ווען ער שטעלט פראבלעמען, נעמענדיק אין באטראכט די רעאליטעט פון לעבן. איבער׳הויפט אומעטום ווו ער באריט דאס סאציאלע און פילאזאפישע, דארט ווערט ער אויך דער ראמאנטיקער און מיט א באזונדערער קראפט קומט עס ביי אים צום אויסדרוק אין די לידער. און ניט נאר אין די לידער פון אן אויסשליסלעך־אינדיווידואליסטישן כאראקטער, פון שטימונגען און איבערלעבונגען, נאר אויך אין די לידער, ווו דער עיקר ווערט ביי אים דאס סאציאלע און פילאזאפישע. מ׳קען זאגן, אז עס ווערט ביי אים א פילאזאפיע פון וועלטשמערץ, גראד צוגעפאסט פאר דער עפאכע אין וועלכער ער האט געלעבט. ביידע מינים לידער זיינען ביי אים אויסגעשפראכענער פעסימיזם, אבער אין די לידער פון ערשטן מין, הגם זיי זיינען ראמאנטיש־אינדיווידועל, באריט ער דאס הבל־הבלים־דיקע פונעם מענטשלעכן לעבן. און דא קומט מען אויך אויף די שפורן, פון וואנען י. ל. פרץ האט געשעפט יניקה פאר זיין פעסימיזם. ניט אומזיסט איז זיין ליד דורכגעדרונגען מיט קוהלת־טענער. מעג י. ל. פרץ זינגען וועגן דעם בוים אין גינגאלד, וואס שטייט שוין וועלק און בלייך; מעג ער רעדן וועגן דעם בלאט, וואס יאמערט, אז זי שטארבט אוועק, איז עס ביי אים ניט מער, ווי א סימבאל פארן מענטש, וועמען עס דערוואַרט דער זעלבער גורל, ווי דאס געפאלענע בלעטל. „א מיסט וועט זיין פון דיר!" און דאס איז דער תכלית פונעם מענטש, עס איז דאס איינציקע, וואס עס דערוואַרט אים. י. ל. פרץ זעט דעם מענטש אנמעכטיק, א פולן מיט רעטענישן, ניט צו טרעפן זיי און אומזיסט שטרענגט ער אן דעם מוח און מ׳ברעכט דאס הארץ, —

„מיטן רעטזל וועל איך גוססן,
און אן ענטפער וועל איך שטארבן."

י. ל. פרץ איז איבערהויפט געווען דער גרויסער פראבלעם־שטעלער. ער איז דער ערשטער וואס האט געמאכט א רעוויזיע אינעם יידישן דענ־

קען, ער האָט דאָס דענקען סעקולאַריזירט און פון דעם זיינען ארויסגעדרינ־
גען פאַרשיידענע פראַגן, אָבער די פראַגן זיינען געשטאַנען פאר אים ווי
א ספינקס, וואָס שווייגט מיסטעריעז און ענטפערט ניט. אָט דאָס איז דער
שליסל צו י. ל. פּרצן די פערזענלעכקייט און עס האָט זיך ביי אים באַ־
צויגן ניט נאָר אויפן אינדיווידועלן, אויפן יחידישן, נאָר אויך אויפן כלל,
אויף דער גאַנצער אומה. י. ל. פּרץ האָט געוואָלט אריינדרינגען אין אַלע
סודות און האָט זיך אָנגעשטויסן אויף א „רזון דרזון", וואָס קען ניט
פאַרענטפערט ווערן. קעגן דעם האָט ער זיך דערפילט הילפסלאָז, אָנמעכ־
טיק און עס איז געוואָרן דער קוואַל פון זיין פעסימיזם און מיזאַנטראָפיע.

דאָך זאָל מען ניט זאָגן, אַז ער איז אין אַלע זיינע לידער געווען דער
דורכאויסיקער פעסימיסט. צייטנווייז קומען ביי אים אויך לידער פון
האָפנונג און גלויבן, ווי עס איז טאַקע זיין ליד „האָף און גלויב", — א
האָפנונג אויף „נייע נעסטן, נייע פייגל, וועלן נייע נייע לידער זינגען", א
גלויבן, אַז עס וועט פאַרשווינדן די נאַכט, וואָלקן וועלן צערינען, דער הימל
וועט ווידער זיין בלאָ און אויפן הימל „נייע שטערן, נייע זונען", דער דיכ־
טער גלויבט, אַז —

„עס וועט שיינען, שמעקן, זינגען."

אָבער עס איז נאָר שטימונג, אימאַזש, וואָס ווערט אויפגעלייזט אין
דער פאַרשיידנאַרטיקייט פון זיינע דימיונות. און י. ל. פּרץ, פּונקט ווי ער
איז געווען פאַרענדערלעך אין זיינע שטימונגען, אַזוי איז ער אויך געווען
פאַרענדערלעך אין זיין דימיונישקייט, און צוליב דעם ווייל עס האָט אים
געפעלט גלויבן און ער האָט ניט געפונען אין גאָרניט און אין ערגעצניט
קיין צייכן, „אַז דער מאָרגן, נייער האָפנונג און שטרעבן זאָל דעם טויטן
וואָלקן שפּאַלטן מיט א שטראַל פון נייעם לעבן", צומאָל הערט זיך אפילו
א פליגל רוישן אין דער לופט. ס'דאַכט זיך, אַז עפּעס דערוואַכט, אָבער
וואָס זעט דער דיכטער, וואָס קומט פאָר אין דער רעאַליטעט?

„אך, די פעלדערמייז... זיי לעבן
זייער חגא, זייער גאָנט..."

ס'איז העכסטער סקעפּטיציזם, ארויסגעדרונגען פונעם אויפנעמען מיט
א באַזונדערער סענסיביליטעט די אַרומיקע רעאַליטעט מיט איר גאַנצן
וועלטשמערץ, עס ווערט אויך דער מקור פון זיין פעסימיזם און עס האָט
גורם געווען צו זיין דיכטן אין סימבאָלן, און, טיילווייז אויך ווענדן זיינע
בליקן צום מיסטישן, צו דער יידישער מיסטיק, וואָס איז א גרויסער אטרי־
בוט אינעם פּראָצעסואַלן גאַנג פון דער יידישער געשיכטע.

י. ל. פּרצעס פעסימיזם האָט פאַרשיידענע אַספּעקטן, — אָדער ער
ער איז ביי אים אַן אויסדרוק פון איבערלעבונגען, אָדער פון מעדיטאַציעס

ווענן זאכן און דערשיינונגען. אינעם ערשטן פאל איז עס ביי אים פאר־בינדן מיט ליבע־קוואל, אינעם צווייטן מיט לעבנסקוואל. און י. ל. פרץ האט ניט אפגעטיילט איינס פונעם צווייטן, זיין אויג וואכט אלציינס איבערביידע און ער זינגט עס אויס אין זיין ליד „טרויער":

„אין דער בלויער שטילער הויך,
פון ליבעס־קוואל און לעבנס־קוואל
ציטערט בלייך
א הימליש אויג —
און עס ציטערט, און עס שוועבט,
און עס פליסט, און שפינט און עס וועבט
פון הארץ ארויס א גאלדן שטראל, —

אבער ווי געזאגט, איז עס ביי אים נאר א שטימונג אזא, א האפן און גלויבן, וואס קען דאך ניט פארווישן אין אים דאס סקעפטישע. און גע־בליבן איז ער דער אייביקער סקעפטיקער. ער נעמט אויף דאס שיינע, — דאס שיינע איז איבערהויפט געווען פאר אים א וויכטיקע קאטעגאריע, ער האט באזונדערס מקפיד געווען אויפן עסטעטישן, פונדעסטוועגן האט ער אלעמאל געצווייפלט צי דאס שיינע איז מסוגל צו דינען דעם נוצלעכן, — ער האט ניט באטראכט, אז דאס עסטעטישע קען אויך ווערן א קאטעגאריע פונעם נוצלעכן. ער איז געקומען צו אזא קאנצעפט צוליב דעם, וואס אינעם ארום האט ער געזען נאר די אפגעמאטערטע, געזען אז אלעס איז נאקעט און הויל, ער האט געזען די וואנדערונגען אין דער פרעמד, ווו עס איז ניט פאראן א פאדים ביי א יהעמד, אפילו תכריכים ניט צו מאל, עס פעלט דאס קערנדל אויף ברויט, עס איז נישטא קיין ארבעס־שויט, —

עס איז איינער פון די סענטימענטן, וואס זיינען גורם צו סאציאלער מעדיטאציע, און עס גיט אן די סיבה, ווייל, —

„דער יושר איז געשטארבן,
און דער שכל עקט."

י. ל. פרץ האט דעם יושר געשטעלט העכער פארן שכל. פאר אים איז געווען וויכטיקער דאס געמיט, דאך הייסט עס ניט, אז ער האט לחלוטין צוריקגעוויזן דאס ראציאנאלע, איבערהויפט דאס ראציאנאליסטישע, ער האט בלויז געוואלט, אז דאס ראציאנאליסטישע זאל זיין באהעפט מיטן הו־מאניטארן געפיל. אזא איז דער כאראקטער פון זיין ראמאנטיזם, וואס דרינגט ארויס ביי אים פון א שטרעבן צום יושרדיקן, און, אויב ער זאגט זיך ארויס קעגן דעם ראציאנאליזם, איז עס נאר דערפאר, ווייל דער ראציאנאליזם באצערקט ניט די האפנונגען. און וואס האט דען די וועלט

דערגרייכט מיטן ראַציאָנאַליזם? שטענדיק בלייבט דער געשמיסענער דער אמת און עס איז אַן אַלטער כלל, אַז „פון אייביק נאַרט מען אָפּ, די וועלט איז נאַקעט, אמת איז שרעקלעך און מיאוס..." און עס איז אויך אַן אַל־טער כלל, אַז —

„— אָה אָרימע אמת, בעסטער און פיינער
פון אַלע מדות טובות ביזט דיא פּין לאַנג —
נאָר אויף דיר רחמנות האָט דאָ נישט קיינער
ווען קענסטו האַרצן, וועמען טרייסטן באַנק?
אויף דיר זיינען ביין קליין און גרויסע לייט
אין צים הויכן הימעל, אין צי גאָט איז ווייט!"

י. ל. פּרץ הייבט אָן זיין „די געשמיסענע אמת" מיטן זאָג פון „גיטין" „חד אמר מלך והדיוט" און איז אויסן אונטערצושטרייכן, אַז עס איז ניט פאַראַן קיין אונטערשייד צווישן מלך און הדיוט, דער אונטערשייד איז נאָר דער, וואָס שטענדיק גערעכט איז מלך, ערלעך דער פּסק, בעת דער דער פּראָסטער עולם? — „אויפן שטיקל ברויט מיז יעדער האָרימאַן אר־בעטן צים טויט".

עס איז ווייניק צו זאָגן אַז אין די ווערטער גופא ליגט שוין דער סאָציאַלער אמת, אויך סאָציאַלע עפּאָס, נאָר שוין דאָס פאַרבינדן עס מיטן אמת שטרייכט אונטער די פילאָזאָפישע טעזע פונעם געזאָגטן. די קראַפט פון מאַכט און די מאַכט פון קראַפט זיינען קעגן דעם אמת און אמת און יושר אידענטיפיצירין זיך. דאָס אַלעס ווערט געמון מיט דער הילף פונעם שכל, אָנשטאָט צו לערנען צום גוטן ווערט עס אַ געוועה פונעם שלעכטן, פונעם בייזן, אָבער אום ניט לחלוטין צו נעגירן דעם אמת, מאַכט ער פאַר־נאַנדערשיידן צווישן שכל און חכמה. אייגנטלעך איז אין דער חכמה גופא שוין פאַראַן דער שכל, חכמה איז די העכסטע מדרגה פונעם שכלדיקן, אָבער איר קאַטעגאָריע איז העכער, חכמה דרינגט אריין אין די גייסטיקע געביטן, בעת שכל איז מער ערדיש, קען זיין דער אויסדרוק פונעם אוטילי־טאַרן, אויב ער גייט נאָר אויפן ריכטיקן וועג און פאַרבינדט זיך מיטן יושר, אָבער י. ל. פּרץ צעגלידערט עס אויף זיין שטייגער: אין דער חכמה איז פאַראַן דער שכל, אָבער ביי דער חכמה איז „פאַרשטיינערט דאָס מויל", ווייל „די אמונה האָט איהר עין הרע געטיהן."

ס'איז כדאי צו באַמערקן, וויאַזוי י. ל. פּרץ גלידערט פונאַנדער און בינדט די פאַשיידענע קאַטעגאָריעס, וואָס האָבן שייכות צווישן זיך, ווי סאָציאַלע און עטישע אויסדרוקן: „שכל, חכמה, אמונה", — צווישן שכל און אמונה ווערט דערדריקט די חכמה און ס'איז ביי אים געווען פאַרבינדן מיטן זוכן אַן אַנטשיידונג פאַר די פּראָבלעמען פון אמת און שקר. באַ־

טראַכטנדיק די פּראָבלעמען פון אמת און שקר ווערן זיי ביי אים די צוויי פּאָלוסן פונעם סאָציאַל־עטישן און צו דעם איז אויך צוגעפּאַסט דער כאַ־ראַקטער פון זיינע ריכטונגען. מ'קען אָננעמען, אַז י. ל. פּרץ האָט מיט אַ כיוון אַריינגעבראַכט אין דער דיכטונג די סאָציאַל־עטישע פּראָבלעמען. ער איז אויסן געווען מיט דעם אונטערצושטרייכן, אַז די דיכטונג מוז דינען נאָר און אויסשליסלעך פאַר אוטיליטערע צוועקן פון אויפקלערונג, פון וועקן דעם באַוווסטזיין. מ'טרעפט עס שוין אין זיין באַרימטן ליד „מיין נישט". שוין אין דער דיכטונג, הגם אומדירעקט, באַרירט ער דאָס פּראָ־בלעם פון אמת און סאָציאַלן יושר. און וויכטיק איז דערביי דער פאַרגלייך און דער אויספיר. דער דיכטער איז אויסן צו געבן אַ סאָציאַל־יושרדיקן באַגריף וועגן דער וועלט וואָס זי דאַרף זיין. די וועלט דאַרף ניט זיין אַ קרעטשמע, ווו מ'לייגט זיך דורך אַ וועג מיט פויסטן און נעגל צום זויפן און פרעסן, ווען אַנדערע ווערן פאַרחלשט פון הונגער. די וועלט איז אויך ניט קיין בערזע, ווו דער שטאַרקער זאָל האַנדלען מיט מידע און שוואַכע,—

„זאָל קויפן ביי אָרימע מיידלעך די בושה,
די פרויען די מילך פון די בריסטן, ביי מענער
דעם מאַרך פון די ביינער, ביי קינדער דעם שמייכל.

— די וועלט איז אויך ניט הפקר און איז ניט באַשאַפן פאַר וועלף און פאַר פוקסן, פאַר רויב און פאַר שווינדל, דער הימל איז ניט קיין פאַר־האַנג אַז „גאָט זאָל נישט זען", אָדער אַ נעפּל, אַז מ'זאָל ניט קענען קוקן אויף די הענט, דער ווינט איז ניט צום „פאַרשטאַרקן די ווילדע געשרייען", די ערד איז ניט „די צו זויפן דאָס בלוט פון קרבנות", — ניין —

„די וועלט איז קיין קרעטשמע, קיין בערזע, קיין הפקר,
געמאָסטן ווערט אַלעס, געוווינגן ווערט אַלעס,
קיין טרער און קיין בלוטיקער טראָפּ פאַרגייען,
אומזיסט ווערט קיין פונק און קיין אויג ניט פאַרלאָשן!
פון טרערן ווערן טייכן, פון טייכן ווערן ימים,
פון ימים אַ מבול, פון פונקן — אַ דונער, —
אַ מיין נישט, לית דין ולית דיין!"

שוין דאָס ליד אַליין איז אַ גאַנצע טעאָריע וועגן סאָציאַלער עטיק, דאָס מוסרדיקע אינעם ליד באַקומט אַן אַבסאָלוט פילאָזאָפישן כאַראַקטער און אויב עס זיינען אינעם ליד פאַראַנען טענער פון וועלטשמערץ, באַנוצט זיי ניט י. ל. פּרץ אַבסטראַקט, נאָר ער טראָגט זיי אַריבער קאָנקרעט אויף פאָלק און מענטש, ווייל סאָציאַלע עטיק איז ניט אַן אַבסטראַקטע דער־שיינונג, נאָר אַן אַבסאָלוט קאָנקרעטע.

י. ל. פרצעס לידער, הגם פּאַטעטישע, זיינען אין זייער רוב שיל־דערנדיקע און נאַראַטיווע, — זיי שילדערן טיילווייז דעם טרויער און דער־ציילן וועגן דעם אומעט פונעם ארבעטנדיקן. צוליב דעם פאַלט ער אריין צייטנווייז אויך אין אַפּאַלאָגעטיק. עס איז די ווירקונג פונעם מוסר־טאָן, וואָס איז ביי אים אַ גרויטער עיקר. אויסער דעם איז עס ביי אים פאַרבינדן מיט דער געזעענער רעאַליטעט, מיטן אויפנעמען די פּיין. אין געוויסע הינ־זיכטן איז עס געוואָרן די שטערונג ער זאָל קענען באַגרייפן די אידייע פון קאַמף, איבערהויפּט פונעם קאָלעקטיוון קאַמף, הגם ער האָט קלאָר אונטער־געשטראָכן די סאָציאַלע דיפערענצן, פון אים באַטראַכט, ווי אַ —

„אַפּגרונט דעם טיפן,
וואָס טיילט דיינע קינדער
אויף שטאַרקע און שוואַכע, אויף לעמער און שינדער, —"

י. ל. פרץ האָט קלאָר באַגריפן אַז עס איז ניט פאַראַן קיין סאָ־ציאַלע גלייכהייט, אַז די סאָציאַלע דיפערענצירונגען זיינען דער מקור פון יעדן שלעכטס. תחילת האָט ער עס געזען אין דער שיכטונג צווישן אָרים און רייך, אָבער ער האָט עס ניט געשטעלט אויף דער מדרגה פון אַ סאָציאַל־פּאָליטישער פאַרשיינאַרטיקייט, נאָר אויף אַ הומאַניטאַרער און עטיש־פילאָזאָפישער. באַזונדערס שפּיגלט עס זיך אָפּ אין זיינע לידער פון אַר־בעט. עס זיינען לידער פון מענטשלעכער נויט און ליידן און עס איז באַ־מערקנסווערט, וואָס די נויט פון ארבעט זינגט אויס ביי י. ל. פרצן דווקא די פרוי. י. ל. פרץ זאָל ווי געוועזן האָבן וועלן באַווייזן, אַז די ייִדי־שע פרוי האָט געלייסטעט אַ נוצלעכע פונקציע אין דער געזעלשאַפט און אויף איר איז געפאַלן ניט נאָר דער עול פון דער ארבעט, נאָר זי איז אויך געוועזן די טרעגערן פון דער נויט, פון פּיין און אונטערדריקונג. און אויך דאָ בינדט עס דער דיכטער מיט אַ קאַטעגאָריע, אַ באַשטימנדיקע פאַרן מענטש־לעכן גורל. ער פאַרבינדט עס מיט דער נוצלעכקייט אָדער אומנוצלעכקייט פון גליק און קנאה, און, דווקא ניט קיין אַנדערע, ווי נאָר די „עקספּלואַ־טירנדיקע מאַדאַם" איז ביי אים די, וואָס רעדט וועגן דעם זין פון מענטש־לעכן גליק:

„נישט דאָרט איז גליק, ווו צירונג בליצט,
ווו איידלשטיין מיט פונקען שפּריצט,
נישט אַלץ איז גאָלד, וואָס בלאַנקט און גלאַנצט,
נישט דאָס איז פרייד, וואָס לאַכט און טאַנצט!
עס מיידט גאַנץ אָפּט דאָס גאָלדנע בעט
דער שלאָף; דעם גרויסן זאָל — די זעט,
ווי אויך דאָס גליק דעם זאַק מיט געלט,
דאָס ווייסט שוין לאַנג די גאַנצע וועלט!"

עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי אַ סענעקאַ־טעאַריע וועגן דער פּוסטקייט און הבל־הבלימדיקייט פונעם מענטשלעכן גליק. י. ל. פּרץ איז אויך אויפן ריכטיקן וועג ווען ער גיט די ווערטער דווקא דער „עקס־פּלואַטירנדיקער מאַדאַם" און ניט דעם אַרבעטער־מיידל. אינעם מויל פון אַן אַרבעטער־מיידל וואָלטן אַזעלכע ווערטער געקלינגען ווי אַ דיסאָנאַנס, דאַקעגן ביי דער „מאַדאַם" איז עס אַ מיטל צו מאַכן פאַרגעסן די אַרבע־טער־מיידלעך זייער נויט, איינבילדנדיק זיי, אַז עס איז ניט פאַראַן גאָר אַזאַ זאַך, ווי גליק און אַז מ׳ווייסט ניט איבערהויפּט ווען דאָס גליק קען טרעפן. און דער ציל איז דאָס מוסרדיקע. מוסר איז ביי י. ל. פּרצן אַ העכסטע קאַטעגאָריע, עס איז ביי אים אַ עיקר און א יש, ווי ער זאָגט עס אין זיינע „שטעט און שטעטלעך":

„נישט די מענטשן און נישט די שטעט און נישט אַפילו די
„מעשהס" זיינען דער עיקר, דער עיקר איז דער מוסר, וואָס מע
דאַרף זיך אויסלערנען דערפון..."

און י. ל. פּרץ האָט פון דעם אַ סך געלערנט און באַזונדערס שטרייכט ער אונטער דעם עלעמענט אין זיינע דיכטונגען, דעפינירט אינעם ווײ־טערדיקן —

„וואָס האָט איר פון די לידער?
דריקעניש — נישט מער!
עס ציטערן די ברעמען,
אָט, אָט, פאַלט אַ טרער..."

אין תוך גענומען געהער ניט י. ל. פּרץ צו די ריינע און אויסגעשפּראָ־כענע ראָמאַנטיקער. שוין דאָס גופא, וואָס דער אינטעלעקט שפּילט ביי אים אַ גרויסע ראָל, רויבט עס אַוועק ביי אים יעדע מעגלעכקייט צו בלייבן דער אויסגעשפּראָכענער ראָמאַנטיזם־האַלטער און דעריבער נעמט ער אָן ביי אים פאַרשיידענע אַספּעקטן. טיילמאָל ווערט ער גאָר רעוואָלוציאָנער ביי אים, פון מאָל צו מאָל מער סאָציאַל ווי רעוואָלוציאָנער, אָבער אין זיין ראָמאַנטיזם פעלן אויך ניט די רעאַליסטישע מאָמענטן. אַזאַ מין ליד ווי „ביים פרעמדן חופּה־קלייד", מער נאַראַטיוו ווי דיכטעריש איז אַבסאָלו־טער סאָציאַלער רעאַליזם, דאָס ראָמאַנטישע גייט נאָר אויף די פּערסאָ־נאַזשן. און ענלעך איז אויך זיין ליד וועגן די צוויי ברידער פון יענער זייט ים. דאָ קומט שוין י. ל. פּרץ צום טרויעריקן אויספיר, אַז טראָפּנס בלוט פון איינעם זיינען פּערל פאַרן צווייטן. אין אַ מעטאַפאָריש־בילדערישער פאָרם שילדערט ער די עקספּלואַטאַציע פון רייכן איבערן אָרימען, וואָס פירט דערצו, אַז אַן אייגענער דערקענט אַפילו ניט דעם אייגענעם און עס איז די ריכטיקע טעזע פון „מענטש עקספּלואַטירט מענטש". י. ל. פּרץ נעמט עס אין אַ מוסר־השכלדיקער פאָרם און ווייזט אָן ווי פאַרברעכעריש

עס איז די תאווה צו גאָלד. גאָלד מיינט זאָגן די אָנהויבונג פון קאַפּיטאַל און מיט דעם קומט ער אויף דער טעזע פון דער יידישער עטיק „ממון־דמים". און ווען י. ל. פּרץ זאָל עס געוועזן האָבן אָנגענומען נאָר אויס אַ דיכטערישן אויסדרוק, וואָלט עס אים אפשר ניט געפירט צו אַזאַ פּעסי־מיזם, היות אָבער ער האָט ניט געדיכטעט נאָר לשם דיכטן, היות אפילו דאָס עסטעטישע האָט ער אויפגענומען פון אַ שטאַנדפּונקט פון אוטילי־טאַריטעט, האָט עס אים געפירט צו אַ דערקענטעניש, וואָס איז געוואָרן הויכע פּעסימיזם, — אַ פּעסימיזם וואָס דרינגט אַרויס פון אַ סאָציאַלער רעאַליטעט. נאָר אויף אַזאַ שטייגער האָט ער געקענט קומען צו דיכטערי־שע אויספירן און דעטערמינירונגען, וואָס זיינען גלייכצייטיק סיי רעאַ־ליזם, סיי סימבאָלישקייטן, באַזונדערס דורכגעדרינגען אין די פּערזון, —

„כ׳בין אַ רעגן־וואָרעם, דו זעסט
ווי טיף אין בלאָטע איך בין באַגראָבן;
דאָך חלומט מיר אַן אָדלער־נעסט,
אָדלער־פליגל וויל איך האָבן.
שווימען וויל איך דעם העלן,
הויכן זעפיר אומגעשטערט;
זאָל דער וואָלקן מיר פאַרשטעלן
נישט דעם הימל, נאָר די ערד."

אגב איז י. ל. פּרץ דורכגעדרינגען מיט סתירות און דאָס ליד גופא איז אַ סתירה צו י. ל. פּרץ די פּערזענלעכקייט. עס איז אויך צוליב דעם, ווייל אין אַלע זיינע עטיש־מענטשלעכע דערקענטעניש, אין זיין גאַנצן פאַ־זיטיוון אויפנעמען דאָס סאָציאַלע, האָט ער דאָך זיך ניט געקענט באַפרייען פונעם מעטאַפיזיש, ביי אים פאַרבינדן מיטן סענטימענט. ווי געזאָגט, איז עס ביי אים געווען דער סענטימענט פון וועלטשמערץ און ס׳איז גראָד כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר דער עפּאָכע, אין וועלכער י. ל. פּרץ האָט אָנגעהויבן זיין דיכטערישן פּראָצעס. פונדעסטוועגן איז זיין מעטאַפיזיק פון אַ ריין־יידישן כאַראַקטער. טאַקע ווייל די יידישע מעטאַפיזיק פאַרמאָגט אין זיך מער מוח, ווי האַרץ און י. ל. פּרץ האָט געזוכט און איז אויסן געווען צו דערגרייכן דעם סינטעז צווישן קאָפּ און האַרץ. און די אילוסטראַציע דערצו קען דינען זיין גרויסע באַלאַדע „מאָניש". מ׳באַטראַכט „מאָניש" ווי אַן אויטאָביאָגראַפיש ווערק. אין געוויסע פּרטים איז עס ריכטיק, אָבער נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפל י. ל. פּרץ שטרייכט אונטער דאָרט זיין רעוואָלט קעגן דער מערב־יידישער השכלה און רעוואָלטירט קעגן דעם ראַ־ציאָנאַליזם אין אַלגעמיין. שוין אויס דעם אַליין איז עס דער אויסדרוק פון זיינע שטעלונגען צו פאַרשיידענע דערשיינונגען, וואָס האָבן זייער אחווה איבערן מענטשלעכן גייסט. י. ל. פּרץ האָט זיך אין „מאָניש" אַרויסגע־

זאגט קעגן דעם מענדעלסאנישן ראציאנאליזם, ווייל ער איז געווען ניט קיין יידישער, נאר אן אויסגעבארגטער פון דער דייטשער פילאזאפיע. י. ל. פרץ האט געוואלט א יידישן ראציאנאליזם, וואס קומט פון די אויטענטיש־יידישע קוואלן און קען זיך ארייגפאסן אין דער יידישער מענטאליטעט, וואס איז מסוגל צו האלטן דעם יידישן מענטש אויף זיין יידישער הויך. פאר אים איז דער ראציאנאליזם אדער די השכלה, וואס איז געקומען פונעם יידישן מערב געווען א לילית, מסוגל ארפצופירן פונעם יידישן וועג. עס איז געווען דער וועג צו אסימילאציע און י. ל. פרץ האט געחלומט און מחשבות מיט יידיש־נאציאנאלע קאטעגאריעס, אז דער מערב־יידישער ראציאנאליזם זאל קענען ווערן פאר אים א קנין. ער האט ניט נעגירט די עסטעטישקייט פונעם מערבדיקן ראציאנאליזם, אבער ער האט אים באטראכט ווי א פארפירעריש. און שוין אין דער באלאדע שטעלט ער אוועק א שארפן קאנטראסט: אינטעלעקטואליזם קעגן שיינקייט, סענטימענט, ליבע און תאווה, צוגעפירט צו א ווירקלעכן פראבלעם פון ליבע און זינד. י. ל. פרצעס עפאכע איז איבערהויפט געווען די צייט ווען מ'האט אין דער אוניווערסאלער ליטעראטור געפילפולט וועגן דעם זין פון זינד, אבער בעת אין דער אוניווערסאלער ליטעראטור האט מען עס באטראכט אויס א העלעניסטישן פרינציפ, האט י. ל. פרץ דווקא אנגעווענדעט צו דעם א יידישן מאסשטאב און דער יידישער מאסשטאב, די יידישע מאס האט אים געפירט צום זאג, אז דער מערב־אייראפעישער ראציאנאליזם, הגם אנגעטאן אין א יידישן לבוש, טויג ניט, עס איז א פייער, וואס פארברענט. דאקעגן זאל עס זיך האלטן אויפן יידישן אינטעלעקטואליזם, וואס פארמאגט זיינע עסטעטישע קאטעגאריעס און איז מיט איר גייסט מסוגל אויפצוהאלטן די יידישע מענטש־פערזענלעכקייט און ניט זי מאכן אויפלייזן זיך אין פרעמדע טעאריעס.

געוויס קען מען די באלאדע „מאגיש" אינטערפרעטירן אויף פארשיידענע אופנים. די באלאדע איז געשריבן אין אזא טאן, אז מ'קען זי אויפנעמען אפילו ווי א פשוטע סאטירע אויפן יידישן עלוי, וואס גייט אוועק פון זיין בית־מדרש־וועלט אין די גערטנער פונעם אוניווערסאלן דענקען, י. ל. פרץ אליין איז געווען אזעלכער, פונדעסטוועגן קען מען די באלאדע אויך זען, ווי זיין אן „אני מאמין" צו פראבלעמען, וואס זיינען צו יענער צייט געווען א עיקר און געפאדערט זייער לייזונג. און עס איז געווען י. ל. פרצעס גאנג קעגן דער השכלה, וואס האט געוואלט פארניינען דאס אייגענע בעת י. ל. פרץ האט געזוכט נאר דאס אייגנס. אויב דער רוב און כמעט אלע משכילים האבן געשעפט זייער ראציאנאליזם פונעם יידישן מערב־אייראפע, איז י. ל. פרץ געווען דער, וואס האט רעוואלטירט קעגן דער מערב־אייראפעישער ראציאנאליסטישער און ראציאנאליזירטער יידישקייט. אין דעם פרט איז ער געווען ענלעך צו די רוסישע

סלאוואפילן, וואָס האָבן געזוכט רק אינעם אייגנס און פונעם אייגנס געוואָלט פאַר זייער גייסט און דענקען. י. ל. פּרץ האָט עס געטון אויף זיין שטייגער און אויף די וועגן איז ער געקומען צו דער פאָלקסטימלעכער געשיכטע, אויסגעטראָגן פונעם פשוטן ייִדישן מענטשן און איז געקומען צו חסידיש, וואָס איז, ערשטנס, געווען א ווירקלעכע מאסן־באוועגונג, און, צווייטנס, ווייל חסידיש האָט אין זיך פאַרמאָגט אויך צייכנס פון רעוואָלט. און איז י. ל. פּרץ איינמאָל געקומען צום ייִדישן מאסן־מענטש האָט ער אים געזען און באַנומען אין אַלע זיינע נויטן, ווי אויך אינעם פילאָזאָפישן פון זיין סאָציאַלער טראַגיק.

# די פילאָזאָפיע פון דער טראַגעדיע אין י. ל. פּרצעס דראַמען

י. ל. פּרצעס דראַמען זיינען מער מעדיטאַציע אין אַ דיאַלאָג-פאָרם און דעריבער געווינען זיי פילאָזאָפישן כאַראַקטער. דער דיאַלאָג איז אַ צוגעפּאַסטע פאָרם פאַרן פילאָזאָפישן, ס'איז אַ מין סאָקראַטישער שטייגער; אַ פראַגע שטעלן און ענטפערן, הגם ביי י. ל. פּרצן איז עס גאַנץ אַנדערש. ביי אים איז דער דיאַלאָג דער אויסערלעכער רעליעף פונעם דענקערישן, אינעם שיין פון וועלכן מ'זעט די טיפקייט פונעם געדאַנק, און אָפטמאָל דינט עס צום מאַכן דעם געדאַנק מער קאָמפּליצירט און ניט צו באַענטפערן. און אַזאַ איז ער י. ל. פּרץ אין זיינע דראַמעס: ער איז דער פלאַסטערער פון פּראָבלעמען, און ניט אום צו ענטפערן אויף זיי, צום באַווייזן אַז אָט זיינען די פּראָבלעמען פאַראַן און וואַרטן אויף זייער לייזונג, ריכטיקער געזאָגט,, אויף זייער דערלייזונג. צום ביישפּיל, י. ל. פּרצעס איינאַקטער „אַמאָל איז געווען אַ מלך”; וואָס איז פּרץ מיט דעם איינאַקטער אויסן? אינטערעסירט אים נאָר פאַרצושטעלן אַ האַנדלונג, אַ טאַט אין אַ דיאַלאָגירטער פאָרם? י. ל. פּרץ הויבט אָן גלייך ביים אריינפיר מיט דער פּראָבלעם-שטעלונג און יעדער איינער פון די פּערסאָנאַזשן גופא פּרעזענטירט אַ פּראָבלעם. וואָס און ווער איז דער פּערסאָנאַזש לייזער? ס'איז דאָס פּראָבלעם פונעם יורד, פונעם באַלעבאַטישן, ריכטיקער געזאָגט, פונעם באַלעבעסלדיקן ייִדן, וואָס איז פאַראָרימט געוואָרן. אויף דער שפּראַך פונעם סאָציאַלן הייסט עס „פּאַופּעריזירט” און אַרום דעם וויקלען זיך די פאַרשיידענע קאָנטראַסטן, איבערהויפּט דער קאָנטראַסט פון דער פרוי, געשטעלט צווישן צוויי מענער, פון וועלכע דער איינער, דער אַרבעטער יאָסל, איז נאָך אַבסאָלוט דער אומבאַוווּסטזיניקער פאַר די אַרבעטער-קאַמפן און איז גרייט צו גיין מיטן באַלעבאָס, פאַרפאַלגט פון אַן אינדיווידועלן צוועק, און דער צווייטער איז דער אַרבעטער פירער גבריאל, דורכגעדרונגען מיט באַוווּסטזיין פאַרן קאַמף. אָט צווישן די צוויי מענער שטייט דאָס ייִדישע מיידל הנה. די ערשטע, וואָס ברעכט דעם גדר צווישן באַלעבאָס און אַרבעטער, שפּאַנט אַריבער דעם גדר און רע־

וואָלטירט קעגן דעם ייִדישן יחוס, — אינטויִטיוו קומט פאַר אין איר די אויפוואַכונג פונעם ליבע־סענטימענט, גערי̈כטעט מער צום גייסטיקן און קעמפערישן, ווי צום מאַטעריעלן און באַלעבעסלדיקן.

מ'האָט דעם איינדרוק, אַז „אַמאָל איז געווען אַ מלך" איז דורכויס אַ רעאַליסטישע האַנדלונג. י. ל. פּרץ גופא שטעלט עס פאַר אין אַזאַ פאָרם און שטייגער, אַז ס'מאַכט אויך אַזאַ איינדרוק, אָבער אין דער זעל־בער צייט פעלט ניט אויך דאָס אַלעגאָרישע, אַרויסגעדרונגען פונעם טיטל גופא, וואָס קען פאַרשיידנאַרטיק אינטערפּרעטירט ווערן: ס'קען זיך באַ־ציען אויפן ייִדישן באַלעבאָס לייזער, וואָס איז געוואָרן אַ „יורד מנכסיו" און ס'קען אויך חל זיין אויפן אַרבעטער יאָסל, וואָס האָט געוואָלט זיך איינקויפן אין באַלעבעסלדיקן יחוס דורכן חתונה האָבן מיטן באַלעבאָס טאָכטער חנה, אָבער ער גייט אַרויס אַ פאַרשפּילטער, ווייל חנהן האָט גלייך געצויגן צו גבריאַלן, ווי נאָר ער איז אַריינגעקומען אין איר פאַ־טערס הויז צו דערקלערן דאָרט דעם שטרייק. חנה, דאָס ייִדישע מיידל, ווייזט אַרויס מער באַציִונג און נייגונג צו גייסט און קראַפט, צו געוויסן און באַוווּסטזיין און ס'איז דאָס מלכ'דיקע אין איר, דאָס ווערדיקע, און זי אַליין האָט באַזיגט דעם מלך „יחוס".

ס'איז דער שריט צום ווירקנדיקן באַוווּסטזיין, י. ל. פּרץ ווייזט זיינע אָנהייבן, ווי די טראַנספאָרמאַציע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דער מענטאַ־ליטעט פון די פאַרשיידענע פּערסאָנאַזשן און ווי די סביבה, דאָס מיליע האָט עס דערהויפּט אויפגענומען. ס'ווערן אָנגעוויזן צוויי פּראָבלעמען, וואָס זיינען געקומען צום אויסדרוק אינעם ייִדישן לעבן און זיינען געוואָרן אַ נייער יש פון דער ייִדישער מענטאַליטעט. ערשטנס, אַ ריין סאָציאַ־לער מאָטיוו, פאַרבינדן אויך מיט דער ייִדישער עקאָנאָמישער סטרוקטור און איבערקאָנסטרויִרונג, — דער איבערגאַנג פון פאַרמיטלער צו וואַר־שטאַט־אַרבעט, אַמאָל איז לייזער געווען אַ פאַרמיטלער און די שטאָט האָט אים געצווונגען צו נעמען זיך צו אַן אַנדער, מער פּראָדוקטיווער אַרבעט, ווייל די פאַרמיטלער־פּרנסה גייט אונטער — און דער צווייטער מאָמענט ווידער איז שוין פאַרבונדן מיטן פּאָליטישן, הגם ס'האָט נאָך אַלץ מער צו טון מיטן עקאָנאָמישן. י. ל. פּרץ באַצייכנט דעם אָנהייב פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג און שטעלט זי פאַר נאָך אין אַלגעמיינע שטריכן און ניט אין אירע פאַרשיידנאַרטיקע דיפערענצירטקייטן, טאַקע ווייל ס'גייט אים מער אויפן מענטאַלן, אויף דער געענדערטער מענטאַלי־טעט פון מענטשן, פאַרורזאַכט דורך נייע פאַקטאָרן און דערשיינונגען און ער ווייזט אַרויס דערביי מער סימפּאַטיע צום יורד לייזער, וואָס גייט אַריין ביי אים אין דער קאַטעגאָריע פון די אַזוי גערופענע שטילע, שוויי־גנדיקע נשמהס.

שוין אין דעם איינאַקטער באַרירט י. ל. פּרץ פּראָבלעמען פון סאָציאַ־

לער פילאָזאָפיע, אַרויסגעבראַכט אין די רייד פון גבריאלן, ווען ער רעדט צו ליוזערס פרוי טריינע:

„גבריאל: האָלץ און אייזן; איר האָט עס אויסגעגראָבן די הרודע און האָט געמאַכט אייזן און דאָס אייזן געשמידט? — העי? און אַ בוים אין וואַלד האָט איר אויסגעהאַקט... און צעזעגט, צעשניטן... און דאָס הענטל געמאַכט?"

ס'איז סאָציאַלע פילאָזאָפיע, נאָך אין אירע פרימיטיווע באַגריפן, און י. ל. פרץ האָט עס צוגעפּאַסט צום תחילתדיקן פרימיטיוון דענקען פון דער ייִדישער אינטעליגענץ, וואָס האָט אָקאָרשט גענומען שטעלן איר טריט, אָקאָרשט זיך גענומען אויסצושיילן, באַהעפטנדיק זיך מיט אַ נייעם דאַזיין, אין אַן אויגנבליק, ווען ס'האָט גענומען ברעכן דער אַלטער שטייגער און די דורותדיקע טראַדיציע.

„אַמאָל איז געווען אַ מלך" קען אויך באַטראַכט ווערן פון אַן אויסשליסלעך סאָציאַלן קוקווינקל, אָבער ס'וואָלט געווען ניט ריכטיק, און איבערטריבן איינזייטיק, טאַקע ווייל צום רעאַלן קומט צו אויך דאָס סימבאָלישע, יעדער פּערסאָנאַזש ביי י. ל. פרצן איז אויסער רעאַלן מענטש אויך אַ סימבאָל, מער נאָך אין זיינע דראַמעס. ס'איז אויך צום ערשטן מאָל, ווי י. ל. פרץ ברענגט אַרויס אין זיינע דראַמעס דאָס פּראָבלעם פון אינטעליגענט און אַרבעטער אינעם ליכט פונעם סענטימענט פון דער פרוי; ער שטרייכט אונטער, אַז דער סענטימענט פון דער פרוי וועט גיין מער אויף דער זייט צום אינטעליגענט, טאַקע ווייל חנה זעט אין דעם ניט נאָר אַ פאַרענטפערונג פאַר אירע ליבע־גלוסטעניש, נאָר אויך אַ פאַרענטפערונג פאַר איר יחוס, פון וועלכן זי האָט תחילת רענונסירט. ס'איז געשטאָרבן דער יחוס פונעם באַלעבאַטישן מענטש, אָבער דערפאַר איז געקומען דער יחוס פונעם אינטעליגענט, פונעם גייסט. ער האָט דאָס וואָרט און דאָס איז דער זין, דער זין: „דער מלך איז טויט, לעבן זאָל דער מלך". און נאָך שאַרפער קומט עס צום אויסדרוק אין דעם מעאַטער־שטיק „וואָס אין פידעלע שטעקט": ס'איז די טראַגעדיע פון יואל דעם קלעזמער און דעם יחוסדיקן מיידל פעשע. אין אַ געוויסן זין קען „וואָס אין פידעלע שטעקט" באַטראַכט ווערן, ווי אַ געשיכטע פון אַ ייִדישן טריסטאַן און אַ ייִדישער איזאָלדע, אָדער גאָר ווי „ווערטערס ליידן" און קאַראַמזינס „אָרימע ליזע", דאָך מיט געוויסע אונטערשיידן, ווייל י. ל. פרץ פּאַסט צו דעם פאַל צום ייִדישן שטייגער לעבן, דענקען און פילן:ביידע גייען אויס פאַר בענקעניש, סיי יואל, וואָס מוז שטאַרבן, ווען ער ווייסט שוין, אַז האָפענונגסלאָז איז זיין ליבע. אויך פעשע שטאַרבט, אָבער אויף אַן אַנדער אופן; זי איז טויט פאַר דער ליבע; ווייל ווי איז דען געמאָלט, אַז אַ ייִדישע טאָכטער זאָל פאַר־

זיצן א מויד ביז דער גראָער צאָפּ? האָט זי חתונה מיטן סוחר גרינצווייג, וואָס איז פאַר איר דאָס זעלבע, ווי דער טויט. עס איז די קבורה פון איר לעבן און אויך די קבורה פון איר ליבע. לעבן און ליבע, — ביי י. ל. פּרצן איז עס ניט א מעטאַפיזישער באַגריף, נאָר א פּאָזיטיווער, א קאָנ־סטרוקטיווער און אין דעם פּרט איז ער דער ערשטער פּורץ־גדר אין יִדישן שטייגער. לעבן אָן ליבע האָט ניט קיין זין, אָבער בעת דאָס פּשו־טע מיידל חנה לייזט אויף איר שטייגער דאָס קאָמפּליצירטע פּראָבלעם, געפינט ניט די שווארצע פעשע קיין אויסוועג, ווייל נאָך איר שלעפּט זיך נאָך די פאַרגאַנגענהייט, — דעם טאַטנס און מאַמעס יחוס. חנה איז דינאַמיש, פעשע ווידער איז פּאַסיוו און דאָ קומט די טראַגעדיע, — די כאַראַקטעריסטישע יִדישע טראַגעדיע.

יואל איז די צענטראַלע פיגור פון דער טראַגעדיע, ער גייט ארום א פרעמדער אין דער וועלט, ווייל די ארומיקע קענען אים ניט פאַר־שטיין, יואל איז דער גרויסער דיכטער, דער טיפער ליריקער, זיין נשמה איז אריין אין דער מוזיק, דער ניגון זיצט אין אים ווי א טייוול, באַפעלט אים ממש זיינע סענטימענטן, און יעדער איינער פון די ארומיקע פילט, אַז יואל איז — עפּעס גאָר אַן אַנדערער, ניט אַזוי ווי אַלע מענטשן. יע־דער איינער פון זיינע זין האָט א דעפיניציע פאַרן טאַטן יואל. אַט זאָגט דער זון שמאי: „אַז די אַלטע פאַרשליסט די פלאַש באַפאַלט אים א בענקעניש און ער ווערט פאַרפאַלן... קומט ער צוריק גרוי, ווי א טויב, איינגעשרומפּן, ווי אַן אַלטע ציטרין". דער זון מאיר ווידער ווייסט צוצו־געבן צו דעם„ אָבער מיט אויגן קלאָרע", יונה ווייסט, אַז דער טאַטע איז „א נשמה א נייע" און דער זון לוי איז מוסיף: „און א נייע נשמה דאַרף עפּעס נייעס". אַט אַזוי זעען די זין דעם טאַטן, אָבער די פרוי זיינע מירל שטעלט אַן אַנדער פראַגע: „וואָס איז וויכטיקער אינעם מענטשן, מער אין דער פרוי: שיינקייט אָדער האַרץ" און גיט אויך איר ענטפער:

„א בעטלערן איז זי! אַן אָרעמע, די אָרעמסטע בעטלערן!
פון זיין ליבן נאָמען האָט זי א מתנה — שיינקייט באַקומען... אָבער
פאַרגעסן האָט ער איר צו געבן — א האַרץ... א געפרוירענע נשמה
האָט ער איר געגעבן... א שטיק מאַרמאָר שלענדערט זי זיך ארום
אויף דער וועלט... זוכט ליכט, זוכט וואַרימקייט... און וווּ זי
טרעפט א מענטש מיט א ליכטיקער נשמה, מיט א וואַרעמער האַרץ,
שטעלט זי זיך אָפּ, גלאָצט אויס די אויגן, שטעלט אויס די האַנט
און בעטלט און סקאָמלעט: א פונק! א פונק!..."

מירל ברענגט ארויס דאָס פּראָבלעם: עסטעטיק און עטיק, שיינקייט און טוגנט. ס'ערשטע — די שיינקייט, א גאָב פון זיין ליבנס נאָמען;

ס׳צווייטע — דער עטישער פרינציפ — ס׳הארץ און האט שיינקייט א ווערט ווען ס׳איז נישט פאראן דאס הארץ, דער סענטימענט? די מענטשלעכע גאנצקייט ווערט דערגרייכט אינעם סינטעז פון די ביידע, ביידע זיינען זיך ממלא און דארט ווו ס׳פעלט דאס צווייטע איז שיינקייט א קאלטקייט, א שטיק מארמאר, אבער מיר קען נישט פארשטיין פעשעס טראגעדיע. און וואס איז פעשע פאר יואלן: א ציל אדער אן אידייע? פעשע איז די אידייע פון זיין ליבע און די ליבע וואלט פאר יואלן פארלארן יעדן זין, ווען זי זאל פארווירקלעכט ווערן אין זיין א פארהעלטעניש מיט פעשען. די ליבע איז גרויס אין דער גרויס פון אירע ליידן און נאר דאס פירט יואלן צו זיין פילן און מעדיטירן, צום אנטפלעקן זיין דיכטעריש־מוזיקאלישן הארץ און אויפנעמען, וואס איז דערהויבנדיקע ריינקייט, אויסגעדריקט אין זיין באגריף און פארשטעלונג וועגן שניי: „א גרויסע זאך שניי — שניי, רבי איז ריינקייט... שניי רבי, איז קלאר. גאטס שטיל געגנאד איז שניי —", עס קומט דא ווידער אויף די קאטעגאריעס עסטעטיק און עטיק. יואלס איז דער סינטעז פון די ביידע און צוזאמען קומט עס ביי אים אויך אויף דער געשיכטע פון דער זינד, פאר וועלכער יואל האט זיין קאנצעפט, זיין אייגענע פילאזאפיע:

— „א מענטש אין שטאט זינדיקט... באשאפט זינד... יאגן זיי אים נאך די זינד. ווי די מייז... ווי די ווערעם... קריכן אים ארום איבערן לייב... אונטערן העמד... קריכן ארום אויפן לייב און בעט... כאפט דעם זינדיקן מענטש אן א שרעק, אנטלויפט פאר זיי, פאר די זינד, פון דער היים, פון שטאט ארויס... קומט דער זינדיקער מענטש פון שטאט ארום צום שניי, צום קלארן שניי, — טריבע אויגן האט ער, דער זינדיקער מענטש פון דער זינדיקער שטאט, א פינצטער, אין שרעק איינגעשרומפן הארץ, א נשמה א פארקלעמטע און אין נעפל איינגעהילטע, — קוקט ער דער זינדיקער מענטש אויפן שניי, זאפט ער און זאפט דאס קלארקייט, דאס ווייסע ריינקייט פון שניי, זאפט ער גאטס שטיל־גנאד איין, גאטס ליכטיק־לייטזעליקייט — לייטערט זיך אים די נשמה אויס, קלערט זיך אים אויף דאס הארץ, ווערט דארט אזוי שטיל, אזוי גוט..."

„ואם חטאתיכם כשלג ילבינו"... י. ל. פרץ קומט אויף דער טיפיש ייִדישער עטישער פילאזאפיע און לייגט עס אריין אינעם מויל פונעם קלעזמער יואל, טאקע ווייל ער איז א נשמה פון קלאנגען, א פארבענקטע און בלאנדזשענדע ווי א קלאנג וואס געפינט נישט קיין תיקון. עס איז מערקווירדיק, ווי י. ל. פרץ פירט דערביי פונעם עראטישן צום גייסטיקן, ווי י. ל. פרץ גופא זאל אויסן זיין אונטערצושטרייכן, אז צווישן דעם

ערעמישן און מוזיקאלישן איז פאראן א גרויסער סמיכת־הפרשת. יואל גופא דערשפירט עס אינעם מאמענט, ווען ער דערפארט, אז די שווארצע פעשע, די אנרעגונג פון זיין ליבע, עראטיק און זינד, וועט גיין חתונה האבן מיט א צווייטן מאן און וועט פארשוועכן די הייליקייט, וואס בינדט זייערע נשמות. אבער אויך ביי פעשען ווערט עס די גרויס פון איר טראַגעדיע און זי דריקט עס אויס אין אן אייגנארטיקן פראטעסט, ווען זי זאגט צו יואלן: „שפיל קלעזמער שפיל, אויב א גוטער פריינט, עס איז דאך מיין חתונה היינט. א שמחה ביי מיר און מיין מאן... עפעס פרייִלעכס שפיל! לעבעדיקס, שוימענדיקס, ווי דער ווייַן, ווי דאס גליק, ווי די ליבע," — ס'איז פעשעס אויפגעברויזטער פראטעסט, אבער יואל וועט שוין נישט שפילן, ווייל איינמאל צוגענומען פון אים פעשען, די אנרעגונג פון זיין זינד, טוט זיך אפ פון אים אויך די אינספיראציע און ס'ווערט אים איבריק די כלי, אויף וועלכער ער האט ארויסגעבראכט זיין ווייַ און איבערלעבונג, — ער ווארפט איר דעם פידל צו די פיס און דער פידל פלאצט...

ניט בלויז אין זיינע סקיצן און דערציילונגען, נאר אויך אין זיינע דראמאטישע שאפונגען טיילט אוים י. ל. פרץ א באזונדערן ארט פאר דער פרוי. ביז י. ל. פרצן איז די יידישע פרוי אין דער יידישער ליטעראַטור געווען כמעט די פארשטויסענע און ארויסגעשטויסענע. י. ל. פרץ ווארפט אויף דער יידישער פרוי א ספעציעלן שיין, שטעלט זי פאר אינעם ליכט פון אירע ליידן און ווייען, אין אירע ליבע און עראטישע קאנפליקטן, אבער אויך אויף א שטופע פון א העכערער באוווסטזיניקייט, ווי ער שטעלט אוועק דעם מאן. אין אזא שיין ברענגט ער ארוים חנהן אין „אמאל איז געווען א מלך", די מער ליידנדיקע ווי חנה, איז די שווארצע פעשע, די ליידנדיקע איז דאס ווייבל פון „א קברות־נאכט" און אין „שוועסטער" איז שוין אויך פאראן א סימן און טאט פון רעוואלט פון דער יידישער פרוי קעגן דער וועלט און גאט. די איינציקע איז בלויז די פרוי מירל, וואס האלט זיך ביים אלטן גלויבן, הגם זי ווייזט ארוים א געוויסע טאלעראנץ, אבער אנדערש זיינען שוין לאה און נחמה אין די „שוועסטער". אט ווי זייער פראטעסט ווערט אויסגעדריקט אין דיאלאג:

„מירל: און אז איך וועל שווייגן, וועט די וועלט אויך שווייגן?
לאה: (מער צו זיך) צען כפרות די וועלט...
מירל: און גאט, גאט ברוך־הוא וועט אויך שווייגן?
נחמה: כ'האב דיר שוין איינמאל געזאגט, מירל, שטעל דיך ניט צווישן מיר און גאט... כ'וועל מיר אליין מיין שטעטל באשטיין...
לאה: נחמה!

מירל: רבונו של עולם, וואס פאר א לשון!
נחמה: און האט גאט צו מיר טענות, האב איך אויך צו אים טענות... און אויף איין טענה טויזנט תירוצים...

י. ל. פרצעס פרויען האבן זייערע אייגענע שפראך און די שפראך איז דער פראטעסט קעגן דער קאנווענציאנעלער מאראל און קעגן דעם אומרעכט פון דער וועלט.

* * *

מערקווירדיק: פונקט ווי י. ל. פרץ שטעלט פאר אין „אמאל איז געווען א מלך” דעם פונאנדערפאל פונעם ייִדישן יחוס און אין „וואס אין פידעלע שטעקט” די דערהויבנדיקע נשמה פונעם מענטש באהעפט אין ליבע און מוזיק, געלייטערט דורך דער מחשבה פון זינד, אזוי סינ־טעטיזירט ער די בײדע פרינציפן, אדער ריכטיקער געזאגט, התחלות, אין זיין דראמאטישן ווערק: „די גאלדענע קייט”. עס איז די געשיכטע פון ייִדישע דורות אין זייער ווירקונג, אנטוויקלונג און פונאנדערפאל. און דא קומט י. ל. פרץ אויפן אינדיווידואליסטיש-אידעאליסטישן פרינציפ, וואס ווערט ביי אים דער באוועגנדיקער מאטאר פונעם פילן און דענקען. ווער איז דען אייגנטלעך שלמה, וואס איז דער יסוד פון דער דורות־פארשטעלונג און אנטוויקלונג? שלמה פאַרייניקט אין זיך דריי ספירות, — הוד, תפארת און מלכות און איז דער גרויסער אינדיווידיום, די פערזענלעכקייט. ער פרעזענטירט זיך אין א טאפלטער דערשיינונג, — רעאל גענומען איז ער די פערזענלעכקייט, וואס שטייט איבער דעם המון יחידים, וואס פארמאגן נאר רויע גבורה, ווי ס'איז פנחס דער שווארצער און סימבאליש איז ער דער אנזאגער פון, —

— און דא — צווישן טויט און לעבן
וויקלט זיך א וועלט!
א וועלט זינקט אין מרא שחורה אריין,
א וועלט!

שלמה איז די רעאליטעט און סימבאל פון קאמף צווישן וואכעדיקייט און יום־טובדיקייט, צווישן וואר און אילוזיע, צווישן קליינע השגות און גרויסע פארמעסטן, צווישן דער פשוטער מאטעריע און פארײדלט־פיינעם גייסט. פונקט ווי שלמה פערזאניפיצירט דאס דערהויבנדיקע דענקען און דאס העכערע שטרעבן, אזוי איז פנחס שוין דאס פשוטע, וואס לעבט מיטן ווילן און אינסטינקטן פונעם המון. ער איז דער המון און וואס שטעלט פאר דער המון, ווי זעט דעם המון שלמה?

„צוויי... דריי... פיר...
פינף מניגים קליינע...
קליינע, קליינע יידעלעך...
אויסגעמאגערטע,
איינגעשרומפענע יידעלעך...

און ס'איז ניט דער טאָן פון פאַראַכטונג, נאָר פון וויי, וואָס גייט אַריבער אין צער און מיטלייד, ווען זיי, די יידעלעך —

איינגעהויקערטע קומען,
קלאַפּן ביים צדיק אָן.
געפרוירענע נשמהלעך...
הערצעלעך...
צום נר תמיד קומען זיי,
שמעלן אוים די הענטעלעך;
אַ פונק! אַ פונק!
אַ נדבהלע,
אַ מופתל...
אַ נס, אַ ווונק פון יענער זייט...
און יעדעס וויל פאַר זיך,
פאַר זיך,
פאַר איינן ווייב און קינד,
פאַר איינן הויזגעזינד..."

עס זיינען אַלץ די קליינע השגות, פרעמד דער גרויסער פערזענלעכקייט, — די השגות אָן אַספּיראַציעס און דאָס פּירט שלמהן צו זיין גרויסן ווילן, וואָס ווערט אויך זיין גרויסע וויזיע פון —

— אויסגעלייזט פון פיין און שרעק
מוז ווערן. — —
די וועלט!"

מעכטיק איז דאָס וואָרט, מעכטיק איז דער געדאַנק און מעכטיק איז דער ווילן, אָבער שוואַך איז דער כוח פון טאַט. שלמה זוכט דער־לייזונג מיטן כוח הדמיון און ניט דורך קאַמף. אין גייסטיקן, אין אי־נערלעכן רעוואָלט איז ער אויסן צו פאַרהאַלטן דעם גאַנג פון דער צייט, אָבער ער וויל אויך ווערן דער באַפעלער קעגן גאָט: ער וועט ניט מאַכן קיין הבדלה אונדי פמליה של מעלה וועט זיך אויף אים אָנברוגזן, ווייל ער וועט זיי שטערן אין זייער סדר און שטייגער, ווען מ'מוז פון שבת אַריבער צו וואָך, —

שבת קדוש איז אַריבער,
דער סאמבאטיען שלאָגט,
און שלמה האָט זיך איינגעשפּאַרט,
הבדלה מאַכן וויל ער נישט".

אָפּגעשיידט פונעם רעאַלן, אַריינגעטון אינעם מיסטישן און סימ־באָלישן קומט דאָ שלמה — י. ל. פרץ אויפן פילאָזאָפישן פּראָבלעם פון שלעכטס און דער נויט צו שטעלן דעם מענטשלעכן מוח און ווילן העכער פונעם געטלעכן געבאָט. שלמה ווערט געטראָגן פון אַ צענטראַל־ווירקנדיקער אידייע: פאַרהאַלטן דעם שבת, ווי אַ מיטל צו ראַטעווען די פאַרפלעקטע און זינדיקע פון דער שטראָף, וואָס וואַרט אויף זיי, פונעם גיהנום:

„אַז שבת קודש לעשט זיך אוים
ווייסן זיי
און ציטערן
און ציעפּען זיך
און כאַפּן זיך
מיט די שוואַרצע פליגעלעך.
מיט אויסגעפּוצטע פעדערלעך
צו די נעפּעלעך,
און קלאַמערן, קלאַמערן זיך
מיט די צאַפּלדיקע הערצעלעך
צו די וואָלקנדלעך
און ציטערן...

שלמה אָנערקענט ניט, ער וויל דערהויפּט אָפּשאַפן זינד און באַ־רויקט, הייסט זיי ניט ציטערן און ניט צאַפּלען: הייסט זיי פליען פראַנק און פריי אומעטום, וווהין זיי ווילן, ווהין אַ ווינטל טראָגט, ווייל ער, שלמה, וועט קיין הבדלה ניט מאַכן, און אויף דער פראַגע וואָס זשע וועט זיין, ענטפערט ער, —

שבת זאָל זיין, — שבת!
מיט צוואַנגען האַלט איך שבת איין!
נישט געפּסקנט, נישט געשטראָפט!

און שלמה ווייסט אויך דעם סוד, אַז דער „אל רחום וחנון" וועט ניט העלפן און קען נישט העלפן און משיח זיצט גאָר ביי די טויערן פון רוים, און ניט פון ירושלים און וואַרט. ניין קען ער ניט, ווייל די וווּנדן היילן זיך ניט, אויסלייזן די וועלט קען ער נישט און קיין כוח צו וואַרטן!

איז גישטאָ. און פאַר שלמהן איז קלאָר, אַז די וועלט זינקט אין אַ מראָ־שחורה או מוז אויסגעלייזט ווערן. און ווי אַזוי זאָל די וועלט אויסגעלייזט ווערן? שלמה האָט אויף דעם זיין ענטפער:

שלמה: (נאָך פעסטער) שבת זאָל זיין!
שבת!
נישט גגעאַקערט,
נישט געזייט,
נישט געבליט און נישט פאַרריכט...
נישט געהאַנדלט, נישט געוואַנדלט...
היימישער חסיד: חרוב זאָל ווערן די וועלט?
שלמה: חרוב זאָל ווערן די וועלט!
און מיר —
מיר שבתדיקע
מיר יום־טובדיקע
מיר נשמה־יסירהדיקע ייִדן
וועלן איבער אירע חורבות גיין...
מרים: וווּ אַהין?
שלמה: צו אים, צו אים!

טיילווייז דערמאָנט עס אין זאַראַטוסטראַס ווערטער אינעם טייל ווען זאַראַטוסטראַ זאָגט „יאָ, איך דערקען זאַראַטוסטראַן. זיינע אויגן זיינען ריין און אין זיין מויל איז ניט פאַראַן קיין אויסדרוק פון אָפּ־שטויס. דאַכט זיך ער קומט טאַנצנדיק”. האָבן דאָך אינעם צווייטן יאָר־הונדערט די גנאָסטיקער געזונגען אין זייער הימן: „דער וואָס ס'טאַנצט ניט, דער ווייסט ניט די וועגן פונעם לעבן”, און אַזוי איז אויך שלמה מיט דער הוספה, וואָס צום טאַנצן זאָל אויך צוקומען דאָס זינגען און שלמה צילט אויף אַ באַשטימטן יש: מיטן פאַרהאַלטן דעם שבת איז ער אויסן אָנהאַלטן די רופּלע־יום־טובדיקייט. טאַקע ווייל דאָס יום־טובדיקע איז טאַנצן און זינגען און אַזוי אַרום דערגרייכן די דערלייזונג פון דער וועלט און אויף איר אָרט שאַפן אַ וועלט פון שטאָלצע ייִדן, וואָס בעטן נישט און בעטלען נישט. שלמה וויל דערלייזן די וועלט און מאַכן, אַז גאָט זאָל זיין אָפּהענגיק פונעם מענטש־ווילן און ניט דער מענטש פונעם גאָט־ווילן, — ס'איז דער וועג פון דער העכסטער מיסטיק און הוילער מעטאַפיזיק, ס'איז די שטרעבונג אויפצולייזן דאָס מענטשישע אין אַ געטלעכן גייסט. אין אַזאַ שטייגער הויבט זיך אָן דער קאַמף צווישן גייסט און מאַטעריע, צווישן דעם רעאַלן זיין און אידעאַלער וויזיע און דאָס רעאַלע, די מאַטעריע איז שטאַרקער, — די מאַטעריע איז מנצח. אוי־

מער דעם איז צווישן שלמהן און גאָט פאַראַן אַ דריטער פאַקטאָר, דער פאַקטאָר פון המון־גבורה און פון רעאַלע פאַרלאַנגען:

„דער עולם האָט געבעטן,
דער עולם האָט פאַרלאַנגט, געהייסן האָט דער עולם".

קעגן שלמהס „הוד, תפארת און מלכות" שטעלן זיך די דריי המון־געבאָטן „געבעטן, פאַרלאַנגט און געהייסן" און אַזוי צווישן יום־טובדי־קייט און וואָכעדיקייט, צווישן גייסט און מאַטעריע זיגט דאָס וואָכעדיקע און די מאַטעריע: שלמה האָט פאַרשפּילט אין זיין אַבסטראַקט־מעטאַפּי־זישן רעוואָלט קעגן גאָט און מענטש.

***

שלמה איז דער אייביקער אויסדרוק פון פּאַסיוויטעט, ווייט פון קאָנ־קרעטן טאַט, ביי אים איז אַלעס קאָנצענטרירט אין דער מחשבה. דערי־בער קען ער ניט ביישטיין דעם נסיון און צוליב דעם האָט ער ניט קיין זכות־הקיום. הגם פּעסט און איבערצייגנדיק אין גייסט, מוז ער דאָך לאָזן פריי דעם וועג פאַר דעם, וואָס האַלט מער פון דער ספירה „גבורה". אַ פּאַרטיפּטער אין עקסטאַז, באַהויכט פון אַ פּערמאַנענטער דערהוי־בונג, באַגרייפט ניט שלמה דעם אָנגריף פון דער פּנחס־וואָכעדיקייט, אָבער אויך דער שוואַרצער פּנחס, הגם ער קומט מיט „גבורה", וועט ניט אויסלייזן די וועלט, ווייל אויב שלמה האָט לכל־הפחות אַן אידעאַל אין דער מחשבה, האָט פּנחס קיינעם און נאָר דעם בייזן טאַט און הערשעדי־קייט־גיריקייט. גאַנץ ריכטיק באַמערקט עס זיין אייניקל יונתן, ווען ער פּאַראַזירט די ווערטער פון זיין זיידן פּנחס, ווי נאָר פּנחס האָט אַרויס־געשטויסן די שלמה־הייליקייט, האָט ער גלייך געזאָגט, —

„פאַרטיליקן וועל איך אַלע...
די אַפּיקורסים און די מינים..."

און ווייטער זעצט שוין פאַר יונתן מיט די ווערטער פון פּנחסעס מויל, —

„און אַלע, וואָס אונטערגאַרטלען זיך,
און נעמען נישט מיין שררות אָן!
די רבנים, נישט פון שטאָט,
די רבי'ם, נישט פון שטאָט,
די משיחן די פאַלשע,
און די רבנים וואָס שטיצן זיי,
די דיינים און די שוחטים, —
די פאַרשעלט איך!"

פנחס איז שוין אויסן צו שאפן יעראַרכיע, — רבנים זאָלן זיין נאָר פון שטאַם, ער בויט אויפן פאַנאַטיזם, ס'זאָל ווערן די גבורה, וואָס פירט צו דערלייזונג, אָבער איז דען פנחסן געגעבן מער ווי שלמהן? שלמה איז דער צויבער פונעם געטלעכן עקסטאַז, ער פאַרמאָגט די קראַפט מיטצורייסן, דעריבער האָט דער עולם אין אים אויך גלויבן, קלעפּט צו אים, ווייל זיין עקסטאַטיש שווונג און דערהויבונג נעמען זיי אויף ווי א סימן פון נאָענטקייט צו גאָט, גלויבן זיי אויך אין דער מעגלעכקייט פון א נס, אָבער וואָס פאַר א פאַרמעגן האָט פנחס, אַז ער זאָל קענען מיטרייסן אַז מ'זאָל אים פרייוויליק געהאָרכן? און וואָס שטעקט פנחסעס קראַפט און צי פאַרמאָגט ער איבערהויפּט א מאַגישע קראַפט? איינער פון די פערסאָנאַזשן למך זאָגט צו פנחסעס זון משה, אַז מ'האָט „לענגער נישט געקאָנט", אַז „עס מוז זיין א פאַסטוך... א פירער..." אויך דער אייגענער זון פנחסעס משה איז ניט צופרידן מיטן טאַטנס פירונג, ער קען ניט פאַרגעמען, ווי —

„און איבער די חורבות, איבערן אַש,
איבער די קעפ פון נשרפים,
פון יתומים און אַלמנות
איבער די שאַרן פאַרהונגערטער בעטלער,
דונערט זיין וואָרט,
שטראָפט זיין דין..."

משה, דער דריטער דור, פאַרמאָגט עפּעס פונעם ייִדן שלמה; ער נעמט ניט אָן די פירונג פון זיין פאָטער. אויף אַזאַ שטייגער איז פנחס די אַבסאָלוטע נעגאַציע, הגם ער איז דער ראַציאָנאַליסט, — פנחס פרעזענטירט די ברוטאַלע רעאַליטעט פון א יחיד, וואָס גייט צילבאַוווּסט צו אירע טאַטן. דערביי פאַרלייקנט ער דעם גאַנצן אָרום, אויף וועלכן ער מוז זיך סומך זיין. אויך שלמה איז דער אינדיווידואַליסט, אָבער וואָס פילט דעם קרן פון זיין דווקא אין דער נאָענטקייט מיט דער מאַסע, מיטן המון, מיט זיין התלהבות איז ער אויסן צו ווירקן אויף איר און זיין געדאַנק איז איינער און קאָנצענטרירט אויפן איינציקן, — אויסלייזן די וועלט פון פיין, געבן דער וועלט און דער מאַסע א תיקון. שלמה ווייסט נאָך א צווייטן אמת: אָן דעם מענטש־זיין האָט ניט גאָט קיין ווערט, — דעם תיקון פאַר דער וועלט און מענטש זוכט ער אין דער דערהויבונג צום אַבסאָלוט־געטלעכן, בעת פנחסן אַרט ניט, אַז די וועלט זאָל אונטערגיין. ער זוכט ניט איר אויסלייזונג, ער דאַרף אויך נישט דעם עולם, דער עולם איז אים איבעריק, ער טרייבט אים פון זיך. און בעת שלמה זוכט און שטרעבט צו גאָט־דערהויבונג, וויל פנחס גאָרניט, ווי מ'זאָל נאָר דינען גאָט, —

„א געטרייער וואסער־טרעגער!
מיט שטריק ארום די לענדן,
און מיט אלע זיינע גרייזן זאל ער
תהילים שרייען!
וועט שוין זיין א פרייד אין הימל,
אין גיהנום — א מהומה...״

זאל עס זיין א קרעציקער אדער ווער אנדערש, וואס „מיטן לעצטן אטעם רופט ער גאטס נאמען״, —

„באניט און אויסגעלייזט
ווערט די וועלט
און דאס גיהנום — פאלט...״
און דא פירט אויס פנחס, —
„איין גאט,
און איין ייִד זאל זיין,
ווער מיט מסירת־נפש,
מיט קדוש־השם...
און איר עולם — גייט!״

אבער וועט דען פנחס אויסהאלטן דעם נסיון? וועט ער זיין ציל דערגרייכן? זיינע אייגענע מענטשן באטראכטן אים ווי א מאכט פון פינצ־טערניש און אט טאקע קענען אים וועט זיך שטעלן די מאכט פון דר. בערג־מאנס אויפקלערונג: דא, מיט פנחסן, קומען שוין אריין אין שפיל אנ־דערע כוחות. דר. בערגמאן איז דער רעפרעזענטאנט פונעם וועלטלעך־ראציאנעלן דענקען, דעם נסיון וועט פנחס נישט ביישטיין און ניט קיין אנדערע, ווי פנחסעס אייניקל לאה וועט זיין די ערשטע צו ברעכן די גאלדענע קייט. זי וועט זיין די ערשטע ארויסצוטראגן דעם אורטייל, הגם זי וועט זיך נאכהער אומקערן די אנטווישטע. פנחס ווענדט אן זיין גבורה בלויז אויפן יחיד, וואס איז גרייט אויף מסירת־נפש, אויף קידוש־השם, דאקעגן דר. בערגמאן נעמט זיין ריכטונג דירעקט אויף דער מאסע, און, דערפילט לאה אין אים די קראפט, דעם מענטש פון דינאמישן טאט, האנדלט זי אויפן זעלבן שטייגער, ווי חנה אין „אמאל איז געווען א מלך״. זאגט זי צו בערגמאנען בפני עם ועדה:

„קום חתן מיינער!
קום, דו מענטש פון ליכט,
פון דער פינצטערניש אוועק,
פון דער שלאנגען־נעסט...״

און ווען דער עולם איז אויסן זיי צוריק ארומשליסן, ברעכט זי אויס אין א פּראָטעסט, —

„אוועק!
א ווארע מאכט!
לאָזט דורך, רוחות פּינצטערע,
מענטשן ריינע קלאָרע,
וואָס גייען צום ליכט!

אומעטום דריקט אויס די פרוי ביי י. ל. פּרצן רעוואָלט, אומעטום שטרעבט זי צום העכערן און ליכטיקן, אומעטום איז זי די מיטקעמפּערן קעגן דער פינצטערניש פארן גייסט און אידעאל, אָבער ביי לאהן איז עס בלויז אן איבערגאנג־מאָמענט, ס'איז דער קאָנפליקט מיטן אייגענעם געוויסן צו א נייעם באוווסטזיין, אָבער וואָס וועט ניט האָבן קיין דויערהאפטע אחוזה, ווייל זי וועט זיך ניט קענען ארייַנפּאַסן אין א דאָגמע. לאה איז דיכטונג, דערהויבנקייט, זי איז די אָפּשפּיגלונג פון שלמהס געוויסן און פילן און זי שטרעבט צו אן אנדער ליכט און ליכטיקייט, ווי די, וואָס ד"ר בערגמאן וועט ברענגען אין אן אויסדרוק פון ראציאָנאַליסטישער דאָגמע, און, אן אנטוישטע וועט זי זיך ווידער אומקערן אהינצו, פון וואנען זי איז געקומען.

**
*

צוויי דורות מענטשן: פאָטער און זון און ביידע זיינען פארשיידנארטיק, הגם זיינען ביידע געבונדן צום זעלבן שורש. שלמה איז די העכסטע ראָמאַנטיק, דער פּאָזיטיווער פּאַליום פון א גרויסן, אומבאַגרענעצטן גלויבן אין דער דערהויבנקייט פון דער מענטשלעכער נשמה און איר געטלעכקייט און פּנחס איז דער אויסדרוק פון דער פאנאטיזירטער רעליגיעזקייט און איז דער נעגאטיווער פּאַליוס פונעם גלויבן. י. ל. פּרץ דריקט עס אויס אין דער אייביקער יומטובדיקייט פון דעם ערשטן און אין דער וואָכעדיקייט פונעם צווייטן. אויס דעם י. ל. פּרצעס גרויסע ליבע צו שלמהן, אָבער אויך מיט פּנחסן האָט ער מיטלייד. און נאָך מער מיטלייד האָט ער מיט שלמהס אייניקל און פּנחסעס זון משה. משה ליידט פון ירושהדיקייט און שוועבט צווישן צוויי וועלטן: צווישן דער וועלט פון עקסטאַטיש־גלויבערישן פון שלמה און דעם ערדיש־רעליגיעזן פון פּנחסן, — ער פארמאָגט ניט די קראפט צו דערהייבן זיך צו שלמהס עקסטאַטישקייט און קען זיך ניט אראָפּלאָזן צו פּנחסעס וואָכעדיקייט. ער שוועבט צווישן צוויי וועלטן, ער איז די ריכטיקע נשמה אן א תיקון, ער איז דער

„חלש", וואָס פאַלט אונטער דער לאַסט פון דער אַרויפגעלייגטער אויף אים אויפגאַבע און ווערט פאַרפאָלגט פון אַ באַוווסטזיין, אַז — מ'האָט —

„גענומען אַ ייִד אַ שוואַכן
אין זיינע שוואַכע, צימריקע
הענט אַריין שליסל געלייגט
פון בנים, פּרנסה, שפע,
פון רעגן און שניי —
איך קען נישט —
איך קען זיי נישט דערטראָגן...
גענומען אַ ייִדן אַ קראַנקן,
וואָס אָטעמט קוים:
„פיר אַ וועלט!"

תחילת איז משה געווען אַ גאַנץ אַנדערער. אין אָנהויב איז אויך ער געווען דער וויזיאָנער און ראָמאַנטיקער, תחילת האָט אויך דער עולם געשטראַלט מיט אמונה צו אים, געהאַט בטחון און דעמאָלט האָט משה געפילט „איך בין!", — ער האָט געפילט ווי ער זאָל זיין דער אָדלער מיט ברייטע, ווייסע און שטאַרקע פליגלען, אַרום אים זיינען זיינע „יונגע אָדלערלעך" און ער פירט זיי „אינעם בלויען רחבות" אַלץ העכער און העכער. ער שפּרייט איבער זיי זיינע פליגל זיי צו באַשיצן, מיט זיין בליק צו שטאַרקן די שוואַכע, מיט זיין רוף צו דערמוטיקן די געפאַלענע. און אַזוי פליט מען ווייט און הויך „איבער דער ערד, איבער דער וועלט". ער רופט און זיין שטים קלינגט איבער ימים, איבער שטעט און דערפער, —

„קלינגט דאָס קול
דאָס קול פון מנהיג־הדור, פון אמתן גבור..."

און משה פילט ווי שטאַרק ס'איז זיין קול, אַז וואָלקן פּלאַצן און הימלען שפּאַלטן זיך. ס'עפענען זיך פאַר אים טיר און טויער פונעם גן־עדן און אים אַנטקעגן קומען די אבות און צדיקים, דער טאַטע פּנחס שמייכלט אונטערן ברום און וואָנצן, איינגרוימנדיק, —

„נישט מיין שיטה... נישט מיין דרך...
נישט דאַ־אַרום געדאַרפט קומען...
און נישט אַזוי...
אָבער גוט...
אַז געקומען!"

אויך דער זיידע שלמה קומט אַנטקעגן און ער איז צופרידן, וואָס

„דווקא אזוי!״ און „דווקא אזוי״, — מ׳פליט און דער וועג גייט העכער און העכער

„צום לבנת הספיר,
צום מערמלשטיין —
און פלוצלינג — —״

משה פארמאגט ניט די גלויבערישע גאנצקייט שלמהס און די פאנאטיש־רעליגיעזע אנטשיידנקייט פון פנחסן, — ער איז שוין דער צווייפלענדיקער גייסט און „פלוצלינג״ איז ביי אים דער מאמענט פון א דערוואכטן און רופנדיקן געוויסן. דא פארלירט ער די קראפט אויפצוהאלטן די וויזיעס, — „שווינדלער״ האט ער א רוף געטון, — זיין געוויסן האט עס דערהערט און ער אליין ווייסט ניט פון וואנען דער רוף איז געקומען, — צי ס׳קומט פון זיין טאכטער לאה, צי פון איר מאן דעם דאקטער בערגמאן, אפשר גאר פונעם בית־המדרש אדער גאר א בת־קול, און אפשר טאקע אויך פון זיין אייגענעם הארץ. משה דערפילט געוויסנביסן און איז גרייט פארן עולם, —

„כורעים פאלן.
מוידע זיין,
מתוודה זיין...״
א ייד מוז דאך ערלעך זיין!״

משה ברענגט אריין א נייעם שטריך, א נייע אידייע. שלמה איז עקסטאטיש־גלויבעריש, פנחס פאנאטיש־רעליגיעז, דאקעגן משה רעדט וועגן ערלעכקייט, ס׳הייסט: זיין געוויסנהאפט מיט זיך אליין. פון דעם קומט זיין צווייפלען, און, האט זיין נשמה א פגם, וועט אויך ער ניט זיין דער אויסלייזער, אויך ער וועט ניט זיין דער מנהיג, אפילו ווען זיין טאכטער לאה וועט זיך אומקערן מיט א ווידוי אויף די ליפן, מיט א

„חרטה האט מיין הארץ!
זאג, אז איך גלויב אין אים,
אז איך ליג ביי זיינע פיס, אז איך וואש מיט טרערן זיי,
אז איך ווארף מיך פאר אים אין שטויב!״

לאהס אומקער איז מער צו פנחסן, ווי צו שלמהן, לאה, וואס איז געווען אזוי שטאלץ אויף איידן שלמה רעזיגנירט א האפנונגלאזע, א פארצווייפלטע, —

„נישט שבתדיק און ניט יומטובדיק
איז דיין אייניקל, —

געפאלענע זיינען מיר!
אויף בעטלברויט געקומען זיינען מיר..."

לאה, וואס איז געווען די ערשטע איבערצייגונג די גאלדענע קייט פונעם יחוס וועט פרובירן זי ווידער אויפשטעלן און אנהאלטן. און איז דער פאטער משה אנמעכטיק אין זיין רעוואלט קעגן גאט און קעגן זיך אליין, וועט זי זיין די, וואס וועט אויפרופן איר איינגענעם ברודער יהונתן צו שטעלן זיך אין שפיץ. און יהונתן וועט זיין דער, וואס וועט גיכער אויספירן די עובדא פונעם זיידן פנחס, ווי די שליחות פונעם עלטער־זיידן שלמה.

י. ל. פרץ פירט דא אריין דעם שפיל פון „וועלן זיין", אבער ס'פעלט די קראפט פונעם ווילן או דאס קענען באשטיין דעם נסיון און דאס לעצטע ווארט אינעם נסיון אנשיידט ניט דער מאן, נאר די פרוי. לאה זאגט צום ברודער יהונתן „זיי! ווער!" און ערשט ווען יהונתן הערט איר ווארט באקומט ער די מוט צו זאגן „איך בין!", אבער ווער איז זי אייגנט־לעך לאה? ביי י. ל. פרצן איז לאה דער אנטשיידנדיקער פערסאנאזש און זי איז די ערשטע איבערצייגונג די גאלדענע קייט און אוועקגיין מיר ד"ר בערגמאן, פונקט ווי זי איז די ערשטע צו אנערקענען —

„אין דרויסן שיינט, בליט,
אין דרויסן זינגט און קלינגט אזוי פריי...
און דא, אין שאטן איינגעהילטע,
אין א שפינוועבס פארוויקלטע,
אין א פינצטערער נעץ פארשטריקטע
נשמות צאפלען און שטיקן זיך."

לאה אליין איז ליכט און שטרעבט צו ליכט, זי דארף לופט, זי גלויבט צו געפונען די לופט ביי ד"ר בערגמאן, דעריבער גייט זי מיט אים, — זי גלויבט, אז ער איז די וועלט, אז מיט אים וועט זי גיין צום גרויסן ליכט, אבער וועט זי קענען באשטיין און נאכפאלגן ביזן סוף? לאה איז די קאמפליצירטע נאטור, פון איין זייט האט זי געירשנט די ראמאנטישע נאטור פון איר מוטער מרים. פונקט ווי איר מוטער מרים איז לאה דורכגעדרונגען מיטן עקסטאז, וואס ביידע האבן פונעם זיידן שלמה, דעריבער קען זי זיך ניט ארייננפאסן אינעם טרוקן ראציאנאליסטישן און אינעם לאגיסטישן פון ד"ר בערגמאנס באנעמען און אויפפאסן דאס לעבן. ס'איז אויך די סיבה פארוואס זי קומט צוריק, ווייל דאס ראציאנאליס־טישע איז איר פרעמד און זי קען ניט אנערקענען אז נאר די נאטור איז אלעס. פאר לאהן איז עס

„אָן רחמנות פאַלש!
געזעץ איז אַ קייט!"
נאַטור אַ שטריק אויפן האַלדז...
ווערגט! שטיקט, לאָזט ניט אָטעמען די שטריק!"

פונקט ווי דער זיידע שלמה רעוואָלטירט קעגן דער וואָכעדיקייט און וויל אויפהאַלטן דעם שבת פאַרן אָפּווענדן די גזירות פון שטראָף און שלעכטיקייט, אַזוי רעוואָלטירט לאה קעגן דעם ראַציאָנאַליסטישן און קומט צו דער אַנערקענונג, —

„עס קען נישט זיין קיין הפקר־וועלט —
איז דאָ אַ וועלט, מוז זיין ווער,
וואָס פירט די וועלט;
מוז זיין אַן אויג וואָס קוקט אויף אונדז!
אין אונדז, אין אונדז שלאָגט אַ האַרץ!
די וועלט מוז האָבן אויך אַ האַרץ!
אַ באַרעמהערציק האַרץ..."

אין איר רעאַקציע קעגן דעם ראַציאָנאַליסטישן קומט לאה צו מעטאַ־פיזישע אויספירן און ממש צו אַ העגעליאַניש־אידעאַליסטישן אויספיר, אויסגעדריקט ביי איר אין דעם, אַז „די וועלט מוז האָבן אויך אַ האַרץ". איר רעאַקציע קעגן דעם ראַציאָנאַליזם דרינגט אַרויס פון דעם, וואָס דער ראַציאָנאַליזם שטרעבט צו קלאַרקייט, נעגירט יעדן ראָמאַנטיזם, נעמט אויף און באַטראַכט זאַכן און דערשיינונגען אין זייער רעאַלן אויסזען און אַט דאָס איז פרעמד לאהס נשמה. קלאַרקייט איז אויסגערעכנקייט, מאַ־טעמאַטישע פּרעציזקייט און ווי זאָל עס אויפנעמען אַזאַ נשמה, ווי לאה, ווען זיי אַליין איז הווילע ראָמאַנטיק, הווילע שטרעבונג צו עפּעס העכערן, צום אומבאַגרייפלעכן, וואָס קען באַטראַכט ווערן ווי אַן עסטעטישע קאַ־טעגאָריע, אָבער בשום אופן ניט ווי אַ רעאַליטעט? תחילת האָט איר אי־נעם פאַטערס הויז אָפּגעשטויסן די „פאַרשטיקטע לופט" און אַזוי יאָגט אָן אויף איר אויך דאָס ראַציאָנאַליסטיש־נאַטוראַליסטישע אַ געפיל פון קעלט און טויט. דער ברודער יהונתן מאַכט איר אַ גערעכטן פאָרוואורף, אַז זי האָט „קלאָר געוואָלט, ליכט באַגערט!" און אויף דעם גיט לאה איר ענטפער, —

„קלאָר איז שניי —
און שניי איז קאַלט, שניי איז טויט!
עס יאָגט דורך די ביינער אַ פראָסט!
קלאָר איז טויט!
דער אין תכריכים ווייסע

איינגעהוילטער סוד!
וואָס קלאָר איז קאַלט
און ווי אייזן האַרט,
ווי שטאָל...״

לאה איז דער המשך פון איר מוטערס מרים בענקעניש. אויך מרים, די מוטער ציט זיך צום ליכט און דאָס ליכט איז פאַר איר שלמה, בעת פנחס איז פאַר איר דאָס פינצטערניש און זי פילט זיך געקלעמט ווען דער זון יהונתן „ווערט באַשטענדיק איבערגעוועלטיקט פון זיידן און פון עלטער־זיידן״ —

„דאָס וואַרפט דאָס קינד און שליידערט...
און עס שלאָגט זיך, ווי אַן אומרו,
צווישן ליכט און פינצטערניש...״

און זי זאָגט עס אַרויס אויך יהונתנען ווען ער באַמערקט איר, אַז „ליכט איז דער זיידע, הייליק ליכט״, — אָבער יהונתנען ציט מער צום זיידן פנחס, ווי צום עלטער־זיידן שלמה און קעגן דעם וואָרנט אים די מוטער מרים:

„שווייג, קינד, שווייג,
רעד נישט נאָך קיין בייז!
שרעקלעך ווערסטו, קינד!
פינצטער ווערן די ליכטיקע,
די בלויע אויגן דיינע,
דעם עלטער־זיידנס זיסע, שטילע אויגן!
און דיין פנים ענדערט זיך,
אַ וואָלקן דיין פנים באַדעקט,
דיינע ליפּן דינען זיך און ציטערן...״

יהונתן פאַרמאָגט בלויז שלמהס אויסערלעכקייט, בעת אינעם אינערלעכן פילט ער און דענקט ווי פנחס און אויב י. ל. פרץ האַלט מיט אים, ווי מיט דעם המשך פון דער גאָלדענער קייט, איז ער אויסן פאַרצושטעלן יהונתנען, ווי דעם סינטעז צווישן שלמהן און פנחסן, פון וועלכער דער ערשטער איז די טעזע און דער צווייטער די אַנטיטעזע. און יהונתן פאַרמאָגט ווירקלעך ראָמאַנטישקייט און וויזיע, — ס׳דרינגט אַרויס פונעם חלום, וואָס ער דערציילט דער שוועסטער לאה, אָבער ניט קוקנדיק אויף די אייגנשאַפטן וועט ער דאָך ניט דערגרייכן די שלמה־דער־הויבונג, ער וועט זיך ניט ציען צו די העכערע ספערן, נאָר וועט בליקן צום ערדישן און דער אויסנאַם וועט אַלץ בלייבן לאה אפילו אין איר רע־

זיגנאַציע, טאַקע אויס דעם, ווייל זי גלויבט און איז איבערצייגט, אַז יהונתן וועט באַווייזן צו דערגרייכן סיי דאָס וויזיאָנערישע פונעם על־טער־זיידן שלמה, סיי דאָס באַפעלערישע פונעם זיידן פנחס, אָבער שוין אַן דער טאָלעראַנץ, וואָס ס'האָט אַרויסגעוויזן שלמה בעת ער האָט זיך פונעם מקובל דערוויסט, אַז —

„יאָ... אַ חברה געמאַכט.
דער דאָקטער...
לערנט זיין לאַכן,
לערנט זיי שפּעטן..."

און פונעם היימישן חסיד דערפאַרט ער, אַז ד"ר בערגמאַן איז דער פאַרלייקענער פון אַלעס, אַז, —

„קיין נסים...
קיין תפילות העלפן...
אַלע תאווה איז תאווה...
און דער רבי שווייגט..."

אַזוי אַרום ווערט ביי י. ל. פּרצן די „גאָלדענע קייט" אַ תמצית און עיקר. אַלע זיינע פּערסאָנאַזשן האָבן אַ באַשטימטן ווילן צו זיין און יע־דער איינער אויף זיין שטייגער. און יעדער איינער פון די פּערסאָנאַזשן שטעלט פאָר אַ באַשטימטע קאַטעגאָריע פון אַ ווילן צו זיין. שלמה איז דער העכערער אידעאַל, די פּערזענלעכקייט פונעם אַבסאָלוטן גלויבן און אמת, זיין גאַנץ פילן און דענקען גייען בלויז אויפן העכערן, אויף דער שלימות, וואָס מאַכט נאָענט דעם מענטש צום געטלעכן און באַהעפט אים מיט גאָט. שלמהס טענה איז אַז גאָט איז פאַרן מענטש און דער מענטש פאַר גאָט, בעת פּנחס דענקט שוין אין אַן אַנדער קאַטעגאָריע. שלמה באַ־טראַכט, אַז גאָט מוז זיין אַ „אל רחום וחנון" און פאַר פּנחסן איז גאָט אַ „אל קנא ונוקם", — פּנחס איז דער אויסדרוק פונעם קאָנסערוואַטיוו־פּראַגמאַטישן, ער איז דער אויסדרוק פון אַ רעליגיעז־פאַנאַטישן ראַציאָ־נאַליזם, אין וועלכן גאָט פאַרנעמט דאָס אָרט פון אַ באַפעלער און טרויעט אָן זיינע אויסדערוויילטע צו פירן דעם משפּט און דין איבער די מענטשן.

שלמה און פּנחס זיינען די צוויי פּאָליוסן פון דער יידישער גלוי־בערישקייט, הגם ס'קען ניט זיי איינטיילן ביידע צווישן אַ נעגאַטיוון און פּאָזיטיוון פּאָליוס, — יעדער אויף זיין שטייגער איז פּאָזיטיוו, פּונקט ווי יעדער איינער פון זיי פאַרמאָגט די נעגאַטיווע שטריכן, אָבער ביידע קומען זיי פונעם מעטאַפיזיש־טראַנסצענדענטאַלן, וואָס באַקומט די ווייי־טערדיקע וואַריאַציעס ביי משהן און יהונתנען, אָפּגעשפּיגלט אינעם דענ־קען און פילן פון די פרויען און קיינער פון זיי קען ניט און באַווייזט ניט בייצושטיין דעם נסיון קעגן דעם אויפגעקלערטן דר. בערגמאַן, וואָס

ברענגט אַריין אין דער מעטאַפיזיש־טראַנסצענדענטאַלער אמתדיקייט דאָס נאַטוראַליסטיש־ראַציאָנאַליסטישע. — עס איז דער אָנזאָג אויף אַ נייעם רעאַליזם, געקומען צו ענדערן דאָס לעבן און קעגן דעם וועט זיך שטעלן יהונתן מיט זיין אַנטשלאָסענעם „איך בין", — ווייל ער פילט אונטער זיך די מאַכט און קראַפט פון דער מאַסע, פון דעם עולם, וואָס אינספירירט מיט אירע ווערטער און ממשדיקן באַפעל „מיר ווילן, מיר הייסן!"



זאָל י. ל. פרץ געווען האָבן געוועז זיין באַאיינפלוסט פון ל. טאָלסטאָיס „מאַכט פון פינצטערניש" ביים דיכטן זיין „אין פּאַליש אויף דער קייט" אָדער גאָר פון שעקספּירס „ראָמעאָ און זשוליעטאַ"? פון ס. זשעראָמסקיס „די טאָטן פון זינד" אָדער פון ביערנסטערנע ביערנסאָנס „העכער פון אונדזערע כוחות"? און אפשר גאָר טאַקע פון וויספּיאַנסקיס „חתונה"?

געוויס האָט י. ל. פּרץ געקענט די אַלע ווערק, אָבער ס'איז וויכטיס מער דער פאַקט, ווי דער איינפלוס: י. ל. פּרץ האָט געשאַפן דעם אייגנאַרטיקן ייִדישן ראָמעאָ, פאַר וועמען ליבע איז ניט אַ בשר־ודמיקייט, נאָר „זיין רוח־הקודש, זיין הייליקייט, דער וועלט־באַשאַף", אָבער אין עיקר איז י. ל. פּרץ אויסן געווען אונטערצושטרייכן די קאָנצעפּציע פון זינד אין אַ זין, אַז דער זינדיקער איז אַבסאָלוט ניט קיין זינדיקער, ארויסברענגענדיק אויפן פאָן פונעם ראָמאַנטיש־סימבאָלישן אויך די רעאַליטעט פון דער ייִדישער סאָציאַלער דיפערענצירטקייט. אין אַזאַ שטייגער איז „אין פּאָליש אויף דער קייט" אַ המשך פון דעם, וואָס ער האָט אָנגעהויבן אין „די גאָלדענע קייט", אריבערטראָגנדיק די האַנדלונג בלויז אין אַ צווייטער סביבה און אויף אַן אַנדערן פאָן. ברכיה קען זיין די פאַרקערפּערונג פונעם אַלטן חסיד פון דער „גאָלדענער קייט" און אויב אין דער „גאָלדענער קייט" שטעלט י. ל. פּרץ דאָס פּראָבלעם פון אידעאַליזם און ראַציאָנאַליזם, שטרייכט ער אונטער אין „אין פּאַליש אויף דער קייט" דעם אָנהויב פון דער סאָציאַלער דיפערענצירונג, פּרעזענטירט פאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן אין זייערע אַנטאַגאָניזמען צווישן זיך און צום עקספּלואַטירנדיקן. אין דער האַנדלונג קומען בולט צום אויסדרוק צוויי מענדענצן: די ערשטע, אַן אויסשליסלעך־מעטאַפיזישע, פאַרבינדן מיט קבלה און מיסטיק, און די צווייטע אַ פּאָזיטיוויסטישע, געווענדעט אויפן סאָציאַלן. צו דער ערשטער טענדענץ געהער דער זינדיקער גופא, די ישיבה־בחורים און דער משוגענער און צו דער צווייטער געהערן די גאַנצע

דיפערענצירטע מאסע, אין באשטאנד פון טרעגער, האלצהעקער, וואסער־פירער און דאסגלייכן. אויסער דעם ברענגט ארויס י. ל. פּרץ דעם שטריך, אז דער רבי קאָאפּערירט שטענדיק מיט די רייכע, ער האלט מיט ברכהין און איז קעגן דעם זינדיקן און די מאסע גופא קען ניט פארשטיין און אויפנעמען דאָס געפיל, וואָס האָט דערוואכט אינעם זינדיקן און פאר־אורטיילט דעם זינדיקן. אָבער אין דער זעלבער צייט זוכט אויך דער מאסן־מענטש אויסצוגעפינען די סיבה פארוואָס ס׳קען געשען אזעלכעס, ווי ס׳האָט פּאסירט מיטן זינדיקן און דער טרעגער גיט דארויף דעם פּירוש:

„פון ליידיק־גיין קומט עס, פון הוריות,
פון קוועטשן די באנק אין קלויז, —
וואָלט ער קאסטן געטראָגן, —״

און ס׳דרינגט ארויס אויך פון דער באמערקונג, וואָס ס׳מאכט דער האלצהעקער, —

„האָלץ א פורל צעהאקט, —״

און בלויז דער משוגענער קען וויסן, וואָס ס׳קומט פאָר אינעם זינ־דיקנס נשמה און גייסט און ווי ער זעט אויס אין דער מסיבה פון די אלע קליינע מענטשעלעך, —

„— ער אליין!
ר׳האָט זיך אויפגעשטעלט און רעדט...
— אויפגעוואקסן!
— ווי א יונגער בוים אין וואלד!
— שטרעקט די האנט אויס ווי א שררה,
— הערט די שטימע פון א מלכות...״

דער משוגענער איז דער איינציקער, וואָס פארשטייט און פילט די נשמה פונעם זינדיקן. אויך דער זינדיקער פילט אין אים א קרובה־שאפט און נאָר אים וועט הערן דער זינדיקער בעת ער הייסט אים נעבן די האנט צו דער קייט, פאר דעם מענטש ווערט עס א רעאלער טאט, פארן משוגענעם א סימבאָל „ברודער, מיר גיב די האנט״, — און דער סימבאָל איז, אז ביידע זיינען זיי די געשמידטע, ביידע זיינען זיי די ניט־פארשטאנענע, ביידע די פארפייניקטע און פארפאלגטע פונעם המון. דערציילט דער משוגענער ווי אזוי מ׳לויפט אים נאָך, ווייל ער איז אנ־דערש אזן ער בלייבט גלייכגילטיק ווען מ׳רייסט אים א לאפּן פונעם מלבוש, די מענטשן טוען עס צו זייער שאָדן, טאקע ווייל די מענטשן האָבן מורא פאר „נאקעט״.

אין אויסדרוק מעטאפיזיש, איז דער משוגענער אין דער זעלבער צייט אויך א פאזיטיווער פערסאנאזש, ער איז דער קריטעריום פארן כאראקטער און איינגנשאפטן פון דער מאסע. און דער זינדיקער איז ממלא זיין כאראקטעריסטיק, אנווייזנדיק, אז דער המון איז ברוטאל און איבערהויפט אפשטויסנדיק. זאגט דער זינדיקער:

„און אז זיי שלאגן?
רירן זיך צו דעם לייב מיט ברודיקע הענט.
אלטע ווייבער מיט שמוציקע נעגל!
אדער די בליקן, ווי דער ענבער,
בויערן דיר אין טיפן הארץ...”

מ׳קען אייגנטלעך אננעמען, אז דער זינדיקער און דער משוגענער זיינען איינע און דיזעלבע פערזאן אין איר צעצווייטקייט, — דער ערשטער איז דאס פילן און התרוממות און דער צווייטער איז דאס דענקען און געוויסן. דער משוגענער גופא דערציילט, אז אויך ער האט זיך „אמאל צום הימל פארביינקט” און פלעג שפאצירן פארביי דעם זעלבן טייך, ווי דער זינדיקער און דערביי ווייזט ער אן אויף דער פארשיידנקייט צווישן ברכיהס וועלט און זיינער, —

„— בוך! ברכיהס פישער — נאך!
כא־כא-כא! — זיי זוכן אין שליים
איך וויג מיך אין הימל, וויג מיך און לאך, —”

דער זינדיקער — דער געוויסן, דער סימבאל, וואס באגלייט דעם זינדיקן אויפן וועג פון זיינע ליידן און פיין, ארויסברענגענדיק דערביי זיינע געדאנקען און מחשבות. פונקט ווי דער זינדיקער איז דער פארפאלגטער פון דער באלעבאטיש־באלעבעסלדיקער מאסע און פון די רביים, אזוי ווייעט אן אויף זיי דער משוגענער פחד און זיין קראפט באשטייט אין דעם, וואס ער האט זיך באוויזן צו באפרייען פון זיין אייגענעם „איך”, איבערהויפט פונעם גשמיותדיקן. אזוי זאגט ער צום זינדיקן „איך בין שוין לאנג ניט איך...” און אליץ ווייל ער האט זיך פארבענקט צום הימל, צום העכערן, צום דערהויבנדיקן. דער משוגענער קען באטראכט ווערן, ווי א פאראפראז פונעם „משוגענעם בטלן”, אויך ווי דער זינדיקער קען זיין א המשך פונעם עלוי מאניש, — י. ל. פרץ סינטעטיזירט די ביידע אין זיין „גאלדענער קייט”, וואס נעמט די התחלה אין שלמהן.

**
*

אין דער דראַמע קומען צום אויסדרוק צוויי קאָנפליקטן: דער ער־שטער — צווישן דעם זינדיקן און דער מאַסע און דער צווייטער מיט דער פאַרפּאַנאַטישסטער באַלעבעטלדיקייט. אָבער סיי דער ערשטער, סיי דער צווייטער קאָנפליקט זיינען פאַראורזאַכט ניט אויס סאָציאַלע מאָ־טיוון, נאָר אויסשליסלעך אויס ראָמאַנטישע. דער זינדיקער איז דער רעפּרעזענטאַנט פון דער טיפּיש־יידישער ראָמאַנטיק. זיין ראָמאַנטיש־קייט דרינגט ארויס פון אריינטיפן זיך אין קבלה, וואָס זאָגט אָן אַז „גאָט איז די ליבע". אָט זיינען די ווערטער פונעם זינדיקן, —

„איי קלעזמער, שפּילט אַ זמר!
פידל, שפּיל! ניט די זיסע
קעניגלעכע בענקשאַפט אויס
ווי אַ שמעקנדיקן בוימל...
און דו, פלייט, —
דעם קעניגס ציטערדיקע פרייד,
זיין בליענדיקע ליבע זינג!
קינדיק, באַס, דער וועלט זיין ווילן!
זאָגט אַ בשורה אָן, טראָמפּייט, —
צו זיין מלכה דער קעניג גייט, —"

עס איז אַ ריכטיקער קבלה־געזאַנג, ווו דאָס ראָמאַנטישע גיסט זיך אריין אין ריינער מיסטיק, אָבער דאָס ראָמאַנטישע און דאָס מיסטישע ווערן אויפגעלייזט אין די ווערטער פון ברכיהס טאָכטער, וואָס ענט־פערט אָפּ דעם זינדיקן, אַז, —

„נישט מיין מלך, נישט דיין מלכה!
כ'האָב רחמנות געהאַט מיט דיר!"

ווי אַ שוועסטער האָט זי אים אויפגענומען; ווי איינע וואָס האָט מיטלייד מיט אַ יתום, וואָס האָט אָנגעשלאָגן אין טיר און זי האָט אים געעפנט איר שוועסטער הארץ. ברכיהס טאָכטער קומט דאָ אויפן קאָנ־ווענציאָנעלן שקר, ווייל זי קען ניט זיין אַזוי אויפריכטיק און אָנטשיידן אין איר ליבע, ווי ס'איז דער זינדיקער, — צוליב „כבוד אָב ואם" איז זי גרייט מקריב צו זיין איר ליבע, אַז דעם „טאַטנס ווייסן קאָפּ מיט שאַנד זאָל ניט באַדעקט ווערן" און צוליב דעמווערט נאָך שאַרפער דער קאָנ־פליקט צווישן דעם זינדיקן מיט דער קלעריקאַלער באַלעבעטלדיקייט, וואָס נעמט פונעם זינדיקן נקמה ביזן לעצטן. אַלע באַהאַנדלען אים אומברח־מנותדיק און באַזונדערס דער רב, וואָס צווינגט אים צו דער קייט אויס

„אַ טאָג פון שאַנד און שפּאָט
וועט ברעכן דיין שמאָליץ!"

אַלע אָן אויסנאַם פאַרומווירדיקן זיינע געפילן און דער זינדיקער פילט זיך פאַרלאָרן פון אַלע וועלטן, — ער וויל זיך אַרויסרייסן פון די אַלע, וואָס קענען אים ניט פאַרשטיין, —

„לאָזט מיך, לאָזט מיך גיין פון אייך...
אונטערגעגאַנגען איז מיין טאָג...
מיך רופט די נאַכט...
הערט די פידל, זי באַוויינט מיך —
מיך באַקלאָגט עס די פלייט..."

פאַלש איז די מיינונג פונעם רב, אַז מיטן בינדן דעם זינדיקן צו דער קייט וועט געלייזט ווערן דער קאָנפליקט, טאַקע ווייל ליבע איז ניט אַ קאָנפליקט, נאָר אַ נשמה־צושטאַנד, וואָס ווייסט ניט קיין רו און איז הוילע אומרו, — ברכיהס טאָכטער האָט געזאָגט ליגן זיך אַליין, און נאָר אויס דעם ווייל זי איז די ייִדישע טאָכטער, פאַר וועלכער ליבע איז אַ זינד, אָבער דאָס פילן און שטרעבונג פון נשמה צו נשמה וועט נעמען נקמה. ווידער קומט דאָ י. ל. פרץ אויפן פּראָבלעם און טעזע, וואָס איז אַזוינס זינד און צי איז זינד טאַקע אַ זינד. זינלאָז איז דאָס מקריב זיין זיך פון ברכיהס טאָכטער צוליב „כבוד אָב ואם" און עס איז איר ניט געגעבן ביישטיין דעם נסיון ביזן סוף, ווייל די ליבע איז אַ כוח העכער פון אַלע אַנדערע כוחות: זי דאַרף בלויז פילן אַ פרעמדע באַרירונג, אַז ווידער זאָל זי קומען צום זינדיקן, קומט צו אים מיט אַ ווידוי און ווילן אים צו באַפרייען, אָבער שוין אַביסל צו שפּעט. זי אַליין פילט זיך שוין אויך פאַרומווירדיקט, ווען איר לייב דערפילט אַ פרעמדן היציקן אָטעם, אָבער אויך דאָס האַרץ פונעם זינדיקן בלייבט טויב צו איר רוף, הגם זי איז אים מתודה, —

„אַ רגע האָב איך געלייקנט אָן דיר,
צוליב דעם טאַטנס ווייסן קאָפּ,
צוליב דער מאַמעס קראַנקע האַרץ,
און מיט שאַנד און שפּאָט געשראָקן!"

ברכיהס טאָכטער איז גרייט אים צו באַפרייען פון דער קייט; זי דערמאָנט אים, אַז זי איז זיין געזאַנג געווען, זיין איינציקע הייליקייט, אָבער דער זינדיקער שטויסט זי אָפּ פון זיך, ווייל זי האָט פאַרשוועכט די ליבע, — פאַר אים דאָס הייליקסטע פון אַלע הייליקייטן, דאָס העכסטע פון אַלע הייליקייטן, ליבע איז פאַר אים גאָט אַליין און ברכיהס טאָכ־

טער איז פֿאַר אים געווען די פּערזאָניפֿיצירונג פֿון אַלע הייליקייטן. אירע אויגן זיינען אים געווען דער הימל־בלוי, אירע ליפּן — די צוויי פֿאַרמאַכטע טויערן צום בית־המקדש און זי האָט זיי —

— ...פֿאַר אַ פֿרעמדן
הייסן אָטעם אויפֿגעשלאָסן...״

דורך זיי האָט זי איינגעזאַפּט דעם שטן פֿון אַ פֿרעמדן מאַן און אָט דער שטן, —

„און ער וואַקסט אין דיר!
און ער וואַקסט!...״

דער זינדיקער קערט זיך אָפּ פֿון איר, ער וויל זי מער ניט זען, ווייל

זיין הייליקייט איז אַ געץ געוואָרן, —
„אין קודשי־קדושים — אַ געץ — — —

זי איז פֿאַר אים די פֿאַרשווועכטע און ער קען איר ניט מוחל זיין, ער קען מער ניט הערן איר שטים, יעדער קלאַנג אירער שטעכט אים, ווי ברענענדיקע דערנער און ער אַליין אנטפּלעקט איר דעם סוד, אַז אין אים גופֿא קומט נאָר פֿאַר דער גערענגל צווישן דעם, וואָס זי איז געווען פֿאַר אים אַמאָל און וואָס זי שטעלט פֿאָר אין איר פֿאַרשוועכן די ליבע:

„דיין אַמאָליק הייליק בילד,
פֿון ליכטיקע שטערן צוזאַמענגעשטעלט
שטראַלט אין מיר —
און פֿון דיין פֿאַרשוועכטן בליק
לעשט זיך אַ שטערן נאָך אַ שטערן...״

איז דער זינדיקער אַנטוישט אין זיין ליבע צו ברכיהס טאָכטער? עס איז מער דער סימבאָל, ווי די וואָרהייט, אָבער י. ל. פּרץ נעמט עס אויף אויך אין אַ רעאַלן זין און ווייזט אַרויס ווייניק סימפּאַטיעס מיט ברכיהס טאָכטער, — ער לאָזט זי פֿאַרשווינדן אין די וואַסערן פֿונעם טייך, ווּהין דער זינדיקער שטויסט זי צו „פּרווון דיך וואַשן ריין״...״ י. ל. פּרץ האָט מיט איר ווייניק מיטלייד, ווייל ניט זי וועט באַפֿרייען דעם זינדיקן, נאָר דווקא די אויסגעלאַסענע, אויף וועמען ער טראָגט אַריבער די גאַנצע קראַפֿט. אין אירע ליידנשאַפֿטן איז זי שטאַרקער און ווירקנדיקער, ווי די פּאַסיווע ליבע פֿון ברכיהס טאָכטער. דאָס דינאַמישע קומט דאָ ווי אַ באַוועגנדיקער פֿאַקטאָר אויך פֿונעם פּילן און די אויסגעלאַסענע זאָגט צום זינדיקן:

„האט אויפגעוואכט אין מיר,  
א פלאם צו דיר אין טיפן הארץ,  
לעש מיר זיינדיקער די פלאם  
ביי דער זינדיקער די פלאם..."

די אויסגעלאסענע לעבט אינעם באוווסטזיין פון איר זינדיקייט און טאקע שוין צוליב דעם אליין, וואס איר זינדיקייט האט א זין, איז זי ריין. און איר וועט אויך געגעבן ווערן די קראפט צו באפרייען, איר ווערט גע־געבן דער כוח ההרשאה איבערצורייסן די קייט. זי ווייסט עס און זאגט עס אן אויך דעם זינדיקן, —

„קום צו מיר, קום מיט מיר,  
כ'רייס די קייט די אייזערנע,  
כ'האב די קראפט דיך צו באפרייען".

זי, די אויסגעלאסענע, איז דער אנזאג פון בונט און דער פראטעסט קעגן דער רעליגיעזער צביעות, מיט וואס מ'פארדעקט די אמתדיקע זינד. די אויסגעלאסענע רופט דעם זינדיקן,

„קום וועקן די שטילע שיל  
מיט געשריי פון חעכסטן בונט,  
קרעכצן פונעם רויטסטן גליק, —

זי רופט אים אראפצורייסן די פרוכת, געשטריקט פון די פרומס־טע הענט, ארויסשלעפן פון ארון קודש די ספר־תורה, —

„אויף די יריאת, דארט ווו ער האט  
טיף און שענדלעך מיך באליידיקט,  
זיך געקרענקט, מיך פארשאלטן,  
דארט וועלן דיר מיינע ארעם שטיקן,  
מיין אטעם ברענען,  
מיינע בריסטן דיך קילן, —

אבער דער זינדיקער שטרעבט צו א פארשוועכונג נאך א סך א העכערע. ליבע איז יצירה, ליבע איז גאט אליין, די שכינה, וואס האט אים אין אירע הענט געוויגט און איבער זיין געזיכט געאטעמט; איבער זיינע ליפן האבן געטריפט אירע הייליקע טרערן און אירע לייטזעליק־הייליקע אויגן האבן אין אים אריינגעשטראלט דורך זיינע אויגן א הייליקע נשמה, און אט די הייליקייט, אט דעם קדשי־קדושים וויל ער פארשוועכן און אהינצו רופט ער די אויסגעלאסענע, דארט זען, ווי —

„מ׳ציט די שכינה פון וואסער ארויס,
אראָפּגעהאָנגענע גלידער,
צוגעפרעסט דאָס ווייסע העמד;
און די האָר ארום לייב,
און די אויגן צוגעמאכט, —
מיט גרינעם גראָז
מיט שליים פארקלעפּט
און וואסער, וואסער טריפט, טריפט...
אהין, קום, קום!"

י. ל. פּרץ קומט דאָ ארויף אויפן פּראָבלעם פון קערפּערלעכער און גייסטיקער ליבע. די ערשטע איז דער בונט און אויפברויז פון ליידנשאפטן, בעת די צווייטע איז עליהו און התלהבות און די גייסטיקע ליבע שטייגט איבער דעם קערפּערלעכן, געהייליקט אין גייסט איז זי קדשי־קדשים, זי איז די שכינה אין איר יצירה און מיטן שטעלן דאָס פּראָבלעם איז י. ל. פּרץ אויסן אונטערצושטרייכן, אז ניט דער זינדיקער איז זינדיק, נאָר דווקא די וואָס האלטן זיך פאר די גערעכטע און אין זייער כלומרשטער גערעכטיקייט זיינען זיי עובר אויף די עלעמענטארסטע פּרינציפּן פון יידישן מוסר און אנושיותדיקייט.

***

„ביינאכט אויפן אלטן מארק" איז אן אָפּשלוס און אויך רעוויזיע, — ס׳איז א סך־הכל פון י. ל. פּרצעס מעדיטאציעס וועגן דעם עצם און תמצית פון די פארשיידענע פּראָבלעמען, ווי אויך וועגן דעם זין פונעם יידישן לעבן. אָפּגעזען פון די דראַמעס און איינאקטערס „אמאָל איז געווען א מלך", „וואָס אין פידעלע שטעקט", „א קברת־נאכט" און „שוועסטער", ווו דאָס עיקרדיקע איז דער סאָציאלער עלעמענט, זיינען די דריי דראַמעס „די גאָלדענע קייט", „אין פּאָליש אויף דער קייט" און „ביינאכט אויפן אלטן מארק" א טרילאָגיע ווו אין די ערשטע צוויי דראַמען ווערן באטראכט אין רוב פארשיידענע פּסיכאָלאָגישע און פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, בעת אין „ביינאכט אויפן אלטן מארק" ווערן שוין פאָרגעבראכט סאָציאל־פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, געזעען און אויפגענומען פון י. ל. פּרצעס א ספּעציפישן „איך"־קוק. די „גאָלדענע קייט" איז דאָס פּראָבלעם פונעם יחיד אין זיין וועלן און שטרעבן, ביי שלמהן אויסגעדריקט אין א פארשארפטן אינדיווידואליזם אויפן ניטשעאנישן שטייגער. דאָס הויפּטזעכלעכע איז דאָס הימליש־גייסטיקע אָדער ריכטיקער געזאָגט, דאָס הימליש־פאַרגייסטיקטע, בעת פּנחס רעפּרעזענטירט דאָס ער־

דיש־מאטעריעלע, שלמה און פנחס זיינען ריכטיק טעזע און אנטיטעזע. משה ווידער איז אן איבערגאנג, ס'איז דער אינדיווידיום אין די שוואכ־קייטן פון דער פערזענלעכקייט, פונעם „איך", — עס איז אן אינדיווי־דואליזם, וואס גייט אריבער אין סקעפטישקייט, אבער אויך יונתן גרייכט ניט צו א סינטעז, הגם ער פארמאגט עלעמענטן סיי פון שלמהן און סיי פון פנחסן. דער זינדיקער ווידער פון „אין פאליש אויף דער קייט" איז דער אויסדרוק פון אן אפגעשוואכטן אינדיווידואליזם, דאס פילן נעמט די אויבערהאנט איבערן מחשבותדיקן, ער איז דער געבראכענער ווילן, די ספיקות אינעם זיין־ווילן און פון דאנען דרינגט ארויס י. ל. פרצעס פראב־לעם־שטעלונג און דעטערמינירונג: „ווען מיר דען קענען? קענען מיר דען וועלן?" עס איז דער אבסאלוטער סקעפסיס, געשטעלט אויסשלים־לעך אויף דער אנטיטעזע און דאס גאנצע ווערק גופא איז דורכגעדרונגען מיט אנטיטעזיסטישע עלעמענטן. און די אנטיטעזיסטישע עלעמענטן זיי־נען: דאס פראבלעם פונעם יחיד אין וועלן און שטרעבונג, דאס פראבלעם פון פאלק אין ווערן און זיין און פון די ביידע קומט י. ל. פרץ צו אן עיקר פונעם אנטיטעזיסטישן, — דער אומגלויבן אין אידייען.

די גאנצע קאנסטרוקציע פון „ביינאכט אויפן אלטן מארק" איז א סימבאליש־סילאגיסטישע און דאס סילאגיסטישע אדער דאס שליסיקע גייט דא אויפן ערשטן ארט, ארויסגעבראכט דורכן דיכטער, וואנדרער, בדחן און דעם פערסאנאזש, וואס הייסט נתן שיכור. פאקטיש זיינען די אלע איינע און די זעלבע פערזאן, פארגעשטעלט אין פארשיידענע גע־שטאלטן. שוין דער דיכטער הייבט אן זיין מחשבותן מיט פאלגנדיקן:

„שטן פון פארגאנגענעם
קוים איבערגעלעבטע קוואלן...
און שטראלן,
ווערן אריינגעהאפטן
פון נאך אין נעץ ניט געפאנגענעם,
פון קוים געהאפטן...
פרעגט דאס הארץ אין שטילער פיין:
„געוועז", „וועט קומען", ווו איז זיין?
ווען קומט אריין זיין פאדים אין געפלעכט?
ענטפער ווער אין פיבער־נאכט?
דער שאקאל, די היענע..."

דער דיכטער איז די מחשבה, דער אנרעגער צו דער אידייע, בעת דער וואנדערער איז דער אויסדרוק פונעם סקעפטישן, פונעם צווייפל, וואס גרענעצט מיט אן־סופיקן פעסימיזם. ער איז די קהלות־שטימונג, צו־געפירט צו א סך־הכל פון „הבל הבלים":

„— און איידער דער שטן צערינט,
גיי איך פון דאנען.
וווּ אהין? נישט פרעג...
אפשר ווייסט ווער אין דער הייך...
און פון מיין לאנגן וועג
בין עלטער געוואָרן, נישט קליגער...

ס׳איז דער שלום פון דעם, וואָס דער וואנדערער זאָגט טכילת:

„— דאָס נאָנטע טרייבט, דאָס וווייטע ציט
אלץ מער, אלץ מער...
פיס ווערן מאָט...
דער רוק־זאַק שווער...”

דער בדחן ווידער איז דער סינטעז פונעם דיכטער און וואנדערער, — ער ברענגט ארויס די אמתן און די רעאליטעט, איבער וועלכע דער דיכטער האָט פארלאָרן שליטה און וואָס רופט ארויס דעם דיכטערס סקעפּטיציזם און פּעסימיזם. דאָס סינטעטישע:

„עס איז דאָך פּאָרט
פאראן אזא וואָרט,
אלץ איבערצומאכן, איבערצומאכן”, —

דאָס רעאליסטיש־אָנרעגנדיקע, —

„ס׳איז מיר עפּעס אראָפּ פון זינען...
כ׳האָב עפּעס א וויכטיק וואָרט פארגעסן...
צו לאנג אין חורבה געזעסן
צווישן די שפּינען...
און כ׳וואָלט מיר דערמאָנט, כ׳וואָלט עס געפונען...
א רגע שטיל, און כ׳וואָלט מיר געראָטן
איז פול די חורבה מיט רויטע שאָטן,
עפּעס הייליקע אלערליי...
עפּעס וויינען זיי, עפּעס זאָגן זיי...
און ס׳ציטערט זיך די פעלדערמויז,
און עס שטערט די גריל...
און דאָ — די קינדער, די קלויז...
די ווייבער אויפן גאניק איבער דער לענג...
און די שענק...”

וואָס ביי וויליאַם שעקספּיר איז געווען „אַ טרוים אין אַ זומער־נאַכט" איז ביי י. ל. פּרץ „אַ טרוים פון אַ פיבערנאַכט". די פיבער־נאַכט איז די ווירקלעכקייט, די רעאַליטעט פונעם יידישן זיין און לעבן, ווי י. ל. פּרץ אַליין האָט עס געזען און אויפגענומען, דיפערענצירט דורך זיינע פּערסאָנאַזשן, ווי אויך אין דער פאַרשיידנאַרטיקייט פון די דער־שיינונגען, פאַרבינדן מיט פילאָזאָפישער מעדיטאַציע. אויך דאָ שטויסן זיך צוזאַמען דאָס פּראָבלעם פון דער אינדיווידואַליטעט אינעם אָנבליק פון דער אַמאָרפער, האַלב־טויטער, האַלב־לעבעדיקער מאַסע, וואָס איז ניט מער ווי אַ המון אָן אַן אייגענעם ווילן, אָן שטרעבונגען, פאַרגליווערט אין אַ פּאַסיווקייט, אין אַ מין נירוואַנאַ, פאַרוועבט אין אַ דאָגמאַטישער, טרו־קענער און אינהאַלטלאָזער מאָראַלישקייט. אָט דאָס אַלעם דריקט דעם יחיד, — י. ל. פּרץ מיט דער גאַנצער בונטאַרישקייט פון זיין נשמה האָט רעוואָלטירט קעגן דעם אַלעם, שטעלנדיק דעם אַנטקעגן די טעזע פון לעבנספרייידיקייט, אפּיקורסישקייט, אַרויסגעבראַכט דורכן מויל פונעם היימישן דיכטער און דורך די ווערטער פון נתן שיכור. רופט דער היימי־שער דיכטער:

„זינגט!
טרינקט!
האַלדזט אייך און קושט!
די ליבע פאַרייניקט
דער וויין דערפרישט", —

אַזוי דריקט אויס י. ל. פּרץ די אַפּיקורסישע געטע־אידייע, אַ טיפּי־שער העלעניזם אויפן פאָן פון דער יידישער מאָראַל־דאָגמאַטישקייט, אַליץ ייו דער היימישער דיכטער רופט:

„העכער
די בעכער!
שלאָגט אָן און קלינגט!
ווען אַז נישט איצט?
דאָס לעבן פאַרבליצט..."

און דאָס אַפּיקורסישע פונעם דיכטער פּאַסט זיך אַריין אינעם צי־גישן פון נתן־שיכור, ווי קעגן דעם סטאַטישן פונעם פּרוש, וואָס ווייסט אַז „די זינד איז בלינד" און „אינערווייניק שטיקן זיך פלאַמען". דער דיכ־טער נעמט אויף די באַגערן פון די מיידלעך, וואָס פילן, אַז „אָן ייִנגלעך איז קיין שפּיל", בעת די יינגלעך גופא פילאָזאָפירן סקעפּטיש־פּעסימיס־טיש וועגן דער פאַרגענגלעכקייט פונעם מענטשן:

„וואָס איז דער מענטש? וואָס איז זיין ווערט?
אש פון דער ערד! שטויב פון דער ערד!
היינט — אין שטוב,
מאָרגן — אין גרוב!"

דער פילאָזאָפישער עלעמענט אין דער פיעסע איז די אבסאָלוטע נעגאַציע פון דער נעגאַציע, איבערהויפּט, ווען י. ל. פּרץ רירט זיך צו צו די פּראָבלעמען און ספיקות פון דער שאַרפער אינדיווידואַליטעט. פונעם זעלבן קומט ער אַרויף טאַקע אויפן סאָציאַלן עלעמענט, פאַרבונדן מיטן פּראָבלעם פאָלק און די נעגאַציע פון דער נעגאַציע הייסט ביי י. ל. פּרצן דער אומגלויבן און אַנטוישונג אין דער אמתדיקייט און צוועקמעסיקדי־קייט פון יעדער אידייע.

דאָס ווערק האָט ניט קיין האַנדלונג. די קאָנסטרוקציע דערמאָנט מער אין אַ סימבאָלישן שפּיל, ביי י. ל. פּרצן פאַרבינדן מיטן דיפערענ־צירן דאָס פאָלק אין זיין שיכטן־באַשטאַנד, ווי אין זיין סאָציאַל־אידיוי־אישן דערשיינען. דעריבער טאַקע הויבט אָן י. ל. פּרץ מיטן שול- און קלויסטער־געסל, מאַרק און שענק, ווייל אויף דער פּאָן און אויף דער דים־טאַנץ האָט געווירט דאָס יִדישע לעבן. און האַנט ביי האַנט מיט דעם גייט אויך דאָס סענטימענטאַלע מיט אַלע פאַרורטיילן, וואָס ווערן געוועבט אויפן ראַנד פונעם סענטימענטאַלן, — עס איז דער ערשטער עטאַפּ פון לעבן אין ווערן און זיין און ערשט פון דעם בילדעט זיך אויס דאָס סאָציאַ־לע מיט אַלע זיינע גראַדירונגען. אָבער דאָס סענטימענטאַל־סעקסועלע ווערט דאָ אַ שטאַנדהאַפטיקייט, בעת דאָס סאָציאַל־פּאָליטישע פאַרמאָגט ניט אַזאַ אייגנשאַפט. דאָס סאָציאַל־פּאָליטישע איז מער אילוזיע, ווי רעאַליטעט און י. ל. פּרץ שילדערט עס אין דער רעפּליק פון די יונגע־לייט, בדחן און פאַרהונגערטן אַרבעטער:

יונגע לייט: — אַ פאָלק, ווי אַ מענטש, מוז האָבן אַ היים!
בדחן: — אָדער אַ חלום!
פאַרהונגערטער אַרבעטער: — זיי ווילן דען מער?!"

ס'איז אַן עיקר, וואָר און חלום. וואָר איז וויסן, חלום איז סענטי־מענט און דער סענטימענט איז גובר דאָס וויסנדיקע. וואָר איז אויך איי־ביקייט, חלום איז אויגנבליק און ביידע זיינען זיי אידענטיש. פאַר י. ל. פּרצן איז עס אַ פילאָזאָפישער פּאָסטולאַט, פּרעזענטירט אינעם דיאַלאָג צווישן דעם „עמעץ" און נאַכט־מיידל:

„אָ, קום אין מיינע אָרעם אַריין!
דיין אויג בליצט אין דער נאַכט אַריין...

הייליק שמעקט דיין ליבּ!
איבּער דיין קאָפּ ווייסע טויבּן שוועבּן...
בּלייבּ אין מיינע אָרעם, בּלייבּ!
שטיל זיך איבּערגעגעבּן...
ליפּן צום קיסן, ליפּן צום קיסן!
גאָרנישט פרעג! וויל גאָרנישט וויסן —
וויסן לעצט!
דערשראָקן און פאַרשעמט
פראַלט מען צוריק...
אין שטילן צופאַל איז גליק!
אין זיין פאַרבּאָרגענער שויס
בּליט, פלאַמט די מיסטישע רויז —
אייבּיקייט איז אויגנבּליק!
נאַכט־מיידל: דאָר ווי אַ שפּין...
אַ שטים פון אַ גריל...
ווער בּיסטו?

עמעץ: שטיל!

כ'ווייס נישט, ווער איך בּין,
כ'ווייס נאָר, וואָס איך וויל..."

דער „עמעץ" איז אין זיינע אויסדרוקן אַ מין רעמיניסצענס פונעם זינדיקן און דער גאַנצער ערשטער אַקט פון „בּיינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" איז דורכגעדרונגען מיטן סענסועלן מאָטיוו, צוגעפּאַסט צום רעליגיעזן, צווישן דעם סענסועלן און רעליגיעזן איז פאַראַן אַ דירעקטע פאַרבּינדונג, ווייל בּיידע דרינגען זיי אַרויס מער פונעם פילן, ווי פונעם בּאַוווּסטזיין. י. ל. פרץ נאַטירלעך נעמט עס אין אַן אויסשליסלעך־פילאָזאָפישער פאָרשטעלונג, ס'איז אַ יש פון אַ סענסואַליסטישער פילאָזאָפיע, צוגעפּאַסט צו דער מענטאַליטעט פון אַ פאָלק אויף דער פרימיטיווער שטופע פון דער זיין-אַנטוויקלונג. דער „עמעץ" איז די פּערזאָניפיצירונג פונעם סענסועלן, דעריבּער זאָגט ער זיך אַרויס קעגן דעם וויסן, ווייל וויסן איז בּאַוווּסטזיין און בּאַוווּסטזיין לייקנט דאָס פילן, צווימט עס און נעמט עס אַריין אין מאָראַלישע ראַמען. דאָס פילנדיקע ווידער בּינדט זיך מיטן מיסטישן און י. ל. פרץ פירט אַריין בּכיוון דעם מיסטישן עלעמענט, ווי ער זאָל אָנדייטן אַז דאָס מיסטישע שטעלט פאָר אַ וויכטיקע און ווירקנדיקע תקופה אינעם ייִדישן לעבּן, — די תקופה, וואָס האָט אַריינגעבּראַכט אינעם ייִדישן לעבּן דאָס רעליגיעז-סענסיטיווע, דורכגעוועבּט מיט סימבּאָליק און מיסטישקייט. און אין אַזאַ שטייגער דאַרף מען בּאַטראַכטן יעדן איינעם פון די פיר אַקטן, — יעדער אַקט פּרעזענטירט אַ תקופה

אין דער אַנטוויקלונג פונעם ייִדישן לעבן און אויף די ראַנדן צייכנט י. ל. פּרץ זיינע אידייען, מיינונגען און אויספירן, ריכטיקער געזאָגט, אורטיילן, ווי אַלעם איז דורכגעוועבט מיט שאַרף־קריטישער איראָניע און בייסנדי־קער סאַטירע.

⁂

דער צווייטער אַקט איז המשך פונעם ערשטן. דאָס סענסועלע איז דאָ ווייניקער ווירקנדיק, דערפאַר פאַרנעמט אַ גרעסערן אָרט דאָס רע־ליגיעזע, און י. ל. פּרץ נעמט דאָס רעליגיעזע אונטער אַ שאַרפער קרי־טיק, איבערהויפּט אינעם טייל, ווו ס׳ווערן באַרירט די פאַרשיידענע איינבילדונגען און פאָרורטיילן, — פאַר י. ל. פּרצן איז עס „זיין ליבנס באָמען הייליקער שווינדל״. און אויך דאָס גלויבערישע איז פאַר אים טויט, הגם מ׳וויל עס איינהילן אין אַ שיין פון לעבן, — „אַלץ וואָס טויט און גלייבט, עס לעבט״... און ביי י. ל. פּרצן באַציט עס זיך אויף דער צניעותדיקייט און טוגנטן פונעם פּשוטן מענטשן, אין דער מאַסע פּערזאָ־ניפיצירט דורכן וואַסערטרעגער און האָליץ־העקער. דער וואַסערטרעגער איז אַ העכערע קאַטעגאָריע, ווייל ער איז משמש תּלמידי חכמים, דער־קוויקט דאָס האַרץ פון די לומדי תּורה מיט אַ טרינק וואַסער, —

„גרויסע היצן, שטאַרקע היצן!
און אין בית־המדרש זיצן
לומדי תּורה, און זיי שוויצן,
קלעפּט צום גומען זיך די צונג.
באַלד, באַלד!
כ׳גיב אַ שפּרונג!
כ׳ברענג אייך וואַסער, פריש און קאַלט!
איך וועל אייך מים־חיים געבן!״

ביים האָליץ־העקער ווידער גייט עס אויפן טוגנטהאַפטן, אויפן סאָ־ציאַל־עטישן און רחמנות־געפיל, ווי די עיקר־עלעמענטן פון דער ייִדישער אמונה, —

„דער פראָסט איז גרויס...
יתומימלעך נאַקעט און בלויז;
נישט געהייצט די תּלמיל־תּורה...
איך זע אייער פּיין און אייערע טרערן...
באַלד, באַלד,
כ׳ברענג אייך האָלץ, האָלץ פון וואַלד...

אָט א שייט! נאָך אַ שייט!
און עס וועט וואָרים ווערן!"

ניט דער וואַסער-טרעגער און ניט דער האָלץ-העקער זיינען די צו־פעליקע פּערסאָנאַזשן אין י. ל. פּרצעס ווערק.ביידע זיינען זיי דער אויס־דרוק פונעם יידיש־רעליגיעזן און עטיש־גלויבערישן, זיי זיינען דער אויס־דרוק פונעם תמימותדיקן און נצחיותדיקן אינעם יידישן זיין. דעריבער נעמט זיי אויף דער דיכטער אין זיינע בדחן־רעפּליקן, וואָס באַציִען זיך אויף דער משיח־אידייע און משיח־האָפענונגען. עס איז די אייביקע פּלוג־תא צווישן דעם יידישן און ניט־יידישן גלויבן. דער יידישער גלויבן, — די משיח־האָפענונג, משיח דאַרף ערשט קומען, בעת פאַרן ניט־יידישן גלויבן איז דער משיח שוין לאַנג געקומען און שפּאַנט אַרום איבער דער וועלט. אויס דעם טאַקע ענטפערט דער גלח אויפן בדחנס רעפּליקן:

„— פאַלשע רייד, דומע רייד!
לאַנג געבלאָזן די טרומפּייט!
לאַנג שוין אויסגעלייזט די וועלט!"

פאַרשיידענע אידייען און פּראָבלעמען קומען דאָ צום אויסדרוק, פאַרבונדן מיט גלויבן און אַבערגלויבן. משיחיזם אין אידייע און האָפע־נונג און די אָנהויבן פון אַ ניט־דעפינירטן, אַבסטראַקטן ראַציאָנאַליזם, אָבער וואָס איז שוין קענן דער אַבערגלויבערישקייט און זעט שוין דאָס קומען פון נייע צייטן, —

„אוועק די צייטן ווילדע!
— ערשטע געלדע... צווייטע גילדע!
— אַדוואָקאַטן און דאָקטוירים...
די צייט גייט גישט צוריק...
און דאָרט וואָס איז? זע נאָר, זע!"

עס איז דער אָנדייט אויף סאָציאַלער דיפערענצירונג, אויף דעם, וואָס די צייט שטייט ניט אויף איין אָרט, נאָר גייט פאָרויס און דאָרט זעט מען שוין די נייע סאָציאַלע אַנטוויקלונג און גלידערונג, דערצו פאַרבינדן שוין אויך מיטן עקאָנאָמישן. דאָס סאָציאַלע און דאָס עקאָנאָמישע באַ־ווירקן זיך קעגנזייטיק און ס'איז דער פולשטענדיקער קאָנטראַסט צום גלויבערישן און אַבערגלויבערישן. מ'טרעפט שוין דעם פאַרהונגערטן אַר־בעטער, אַ קרבן פון דער סאָציאַלער אומגערעכטיקייט און עקאָנאָמישער אומגלייכהייט. דער אַרבעטער „וואָס ווייסט, אַז ס'אַ פאַבריק, וואָס ציט אַרויס די קליי", מ'טרעפט דעם געהאָנגענעם, וואָס זאָגט אָן, אַז, —

„— אין דער הויך, אז מען קומט ארויף,
נאָר מער געטראַצט!
די אויגן אויסגעגלאָצט —
דעקט זיך פאַר אייך אויף
די וועלט, די גאַנצע וועלט, —"

די בלינדע זעצערן מיטן באוווסטזיין, אז „און דער שטויב פון בליי איז גיפט... מוז מען די אויגן פארלירן..." דער קרעמער, וועמענס איינציקער זאָרג איז „ווי טייער איז קרויט!" און צום שלום דער באַלעבאָס, דער זעלבסטצופרידענער, וואָס האָט „אויפן בוידעם ווייץ, אין קעלער י״ש... און אַלע פריצים אין טאַש"... אַנזאָגנדיק, אז

„די וועלט איז אויך אַ וועלט!
נאָכן מרחץ — אַ גלעזעלע מעט!
נאָך הבדלה, אויב נישט שפּעט
קומט דער חזן, זינגט ער זמירות..."
און מיין סוכה... מיינע דירהס!
איך טראָג מיר לייפציקער גרעט
שמעק מיר פראַנצויזישן טאַבאַק..."

צום סאָציאַלן קומט צו דאָס פּסיכאָלאָגישע און דער צווייטער עטאַפּ איז די סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע אַנטוויקלונג. סאָציאַלע דיפערענצירונג און עקאָנאָמישע שיכטונג, דער יידישער באַלעבאָס און דער יידישער אַרבעטער, דער ערשטער אין זיין ווילטאָג און דער צווייטער אין זיין נויט, — אַלץ די כאַראַקטעריסטיק פון אַן אַנטוויקלונג, אָבער דער סך־הכל איז אַ טרויעריקער. דאָס גאַנצע יידישע לעבן וויקלט זיך אין „אַ ים פון רשעות", צווישן „קהילות חרוב ונחרוב געוואָרן... שילן פאַרברענט... תורות געשענדט..." און דאָס אַלעס האַלט זיך אויף צוויי פּאַליוסן אָדער פונעם

„אין שיל אריין, אין שיל אריין!
נשמהס הקדושים מזכיר זיין!
די דערטרונקענע, פאַרברענטע,
די געפייניקטע, געשענדטע..."
אָדער גאָר, —
„אַלץ וואָס דריקט,
שטיקט,
אַלץ וואָס פינצטער מאַכט און פאַריקט...
אַלץ וואָס דער רויב
פאַרהייליקט און פאַרגעטערט" —

מוז ווערן צעשמעטערט!
אויף שטויב!"

י. ל. פרצעס ברחן באפט אונטער דאס לעצטע ווארט „שטויב". דורכן מויל פונעם ברחן פרעגט דער דיכטער, אויב ס'איז טאקע דאס ריכטיקע ווארט און בעת דעם „קלערן איין אויגנבליק וועגן שטויב" וואקסט די טראגיק. די שיל קלאגט און זי וויינט, ווייל —

„— ווייל ער שרעקט זי דער פיינט!
— שטייט דערשראקן און בלייך...
— יעגער שיסט ארויף אין דער הייך!"

די מאסע ווייסט איר גורל, זי ווייסט, אז זי איז „צו שפאט און צו שאנד" און דא הויבט זיך אן דער גרויסער געפעכט, — ווער ס'ראט מיט „זוכט א לאנד", ווער ס'זינגט אויס „פארלאנגט א סיום" און י. ל. פרץ קומט ארויף דערביי אויף דער ווירקלעכקייט פונעם יידישן לעבן, וועלכער האט תחילת פונעם סענטועלן און רעליגיעזן זיך אויסגעוויקלט צום עקאנאמישן און סאציאלן און צום שלום געקומען אויך אויפן פאליטישן, אפגעשפיגלט ווי אן אינערלעכער קאמף. דער דיכטער ברענגט ארויס דא אין סימבאלישע שטריכן די אנטשטייונג פון דער נאציאנאלער און סאציאלער באוועגונג ביי יידן, — די ערשטע אין דער פארם פונעם ציוניזם, די צווייטע אין א סאציאליסטישן לבוש, י. ל. פרץ שילדערט דעם קאמף, די דיספוטן, די חילוקי־דעות, די פארלאנגן און א דריטער רעדנער באמערקט אויף דעם אלעם, אז —

„די אלטע מאמע וויינט און שטרעקט
צו אירע קינדער אויס די הענט!"
ס'איז די „מאמע־ציון" און אויף דעם האט זיין ענטפער דער פארהונגערטער ארבעטער, —

„פארשטימט אלע גרילן!
עס וועט געשען אונדזער ווילן!
עס גייט דער נייער העלד
אויף אייער גאט! אויף אייער וועלט!

י. ל. פרץ נאטירלעך נעמט עס אלץ מיט איראניע, מיט סאטירע, — דאס גאנצע ווערק „ביינאכט אויפן אלטן מארק" איז א טראגישע סאטירע און אין דעם בעת י. ל. פרץ אנטפלעקט די העלדן פונעם נייעם געפעכט שטעלט ער זיי פאר, אז דאס זיינען ניט די חשמונאים, נאר א נייער מין העלדן, די קדושים. אגב איז י. ל. פרץ טאקע דער ערשטער, וואס האט

ארויסגעבראַכט דאָס פּראָבלעם און רעאַליטעט פון קידוש־השם  ביי ייִדן און פרעגט דורכן מויל פון זיין בדחן צי ס'איז פאַראַן אין דעם אַ צוועק־מעסיקייט:

„און ער האָט וואָס האָט דערמיט געמאַכט?
דער, וואָס האָט אייך אויסגעווײלט?
איז עס געווען זיין שטראָף?
האָבן אים ווונדער פאַרפעלט?
פאַרוואָס זאָגט ער נישט: האַלט!?"

י. ל. פּרץ רעוווידירט די ייִדישע רעאַליטעט אין אַלע אירע דערשיי־נונגען. באַטראַכט טראַגיש איז זיין סטיל די פּיטשנדיקע איראָניע, אַ בייסנדיקע סאַטירע, אָבער דאָך ניט יאושדיק, נאָר מיט האָפענונג. די ישועה וועט מוזן קומען און ברענגען וועט זי דער גרויסער „עמעץ", וואָס זאָגט אָן, —

— „הער מזרח, מערב, צפון, דרום!
זאָלן זיך עפענען קברים!
זאָלן די טויטע דערוואַכן!
אויפערשטיין! אויפערשטיין!"
איז מעגלעך אַזאַ וווּנדער? ווידער גיט דעם ענטפער דער בדחן:
„אַליץ איז מעגלעך.
ווען איך וויל, וואָס עמעץ הייסט, —

און דערמאָנט עס אפשר ניט אין טעאָדאָר הערצלס ווערטער: „אויב איר ווילט איז עס נישט קיין לעגענדע?" און ווער איז דען דער „עמעץ" ביי י. ל. פּרצן אויב ניט דער גרויסער אומבאַוווּסטער „נעמאַ", דער „קיי־נער", אָבער וואָס שטעלט מיט זיך פאָר סיי דעם גרויסן און ווירקנדיקן ווילן פונעם יחיד און די דעטערמינירטע שטרעבונגען פון דער מאַסע?...

***

זאָגט דער בדחן אינעם אָנהויב פונעם דריטן אקט:

„גיב שטראַלן בלוטיק־רויטע, —
עס גייען די טויטע!
און איר, וואָס גלייבט, אַז איר לעבט —
אָפּגעשוועבט!
אַנטרינט,

אויף די פליגל פון ווינט
פארשווינט!
אויף אייערע נאכט־קווארטירן!
ווער ווייסט, וואס דא קען פאסירן...
אז פון אלע עקן
שווימען אן טויטע...

דער בדחן איז ביי י. ל. פרצן פיל געשטאלטיק און דערשיינט אין פארשיידענע ווראיאציעס. די אלע פערסאנאזשן פערזאניפיצירן דעם דיכ־טערס געדאנקען און מיינונגען, — די אלע פערסאנאזשן דריקן אויס זיין געוויסן, דענקען און פילן און אומדירעקט קומט י. ל. פרץ אויף צוויי קאר־דינאלע פראבלעמען: איז עס א לעבן דאס געלעבטע? און צי האט דאס לעבן איבערהויפט געהאט א זין? ער זעט די „עדה ישראל" און צעגלי־דערט זי אין איר דענקען און זיין, — ס'איז ביי י. ל. פרצן דער עלעמענט פון פילאזאפישער מעדיטאציע און בארירט ער דאס פילן פון דער מאסע, איז ער זי אויסן פארצושטעלן אין איר סאציאלער דערשיינונג און רעא־ליזירטע טאטן, וואס גרענעצן זיך מיטן פאליטישן מאמענט, אבער מאכט ער דעם סך־הכל, קומט ער צום טרויעריק־טראגישן אויספיר, אז אלעס איז זינלאז. אלעס איז ניט מער ווי א מארש פון טויטע, סיי פונעם ארבע־טער, וואס זאגט „געפונען וועמען צו שרעקן", „מיר זיינען רויטע", סיי פון די משכילים מיט זייער „און מיר גלייבן באלד", דער „עמעץ", וואס איז אויך א ווראיאציע פונעם בדחן, פארגעשטעלט אין זיין „נעמא" פאר־ענטפערט שוין אלעס, —

„געוועז רייד, הוילע רייד...
איך בין לער, איך בין לער..."

און געדעכט איז דער גרייז מיט זיין אויסדרוק „עמעץ האט א שווער־צע קונץ געמאכט", אט דער „עמעץ", וואס בלייבט אומדעטערמינירט און פון דער אומדעטערמינירטקייט איז אויך געקומען די פינצטערע נאכט, שוין ניט בלויז אינעם סימבאלישן, נאר אויך אין א רעאליסטישן זין.

מ'דארף ניט באטראכטן „ביינאכט אויפן אלטן מארק" נאר ווי א סימבאליש ווערק. עס איז א ווערק פון סימבאלן, אבער געשטעלט אויף א באזע פון א באשטימטן רעאליזם. י. ל. פרץ מאכט סך־הכלען. ער רעווי־דירט די רעאליטעט פונעם ייִדישן זיין, אנהויבנדיק פון די פרימיטיווע צייטן ביזן מאדערנעם זיין. ער בארירט אלע פארמען, דאס רעליגיעזע און דאס וועלטלעכע, דאס סאציאלע און פאליטישע, דעם סענטימענט און ליידנשאפטן. פון אלעס איז געווארן איין גרויסער עולם־הטועה, פארפולט מיט א קאראהאד פון טויטע נפשות, ביי וועמען ס'איז שוין אויסגעלאשן

דער לעצטער פונק לעבן. אומעטום און איבעראל געפינט דער דיכטער בלויז געשפענסטער־פיגורן, ווי א בייזער חלום זעען זיי אויס און שטעלן פאר א בייזן וואר. וואנדלען ארום נאכט־פרויען מיט אויסגעדארטע ברוס־טן, אויסגעלאשן איז שוין אין זיי יעדער רייץ און ארום זיי דרייען זיך יידישע סוחרים, באלעבאטישע מענטשן, וואס ווילן און קענען ניט דאס „אין וואס דער יצר־הרע שטעקט!" נאכט־שיכורים פילן א בענקעניש נאך אביסל פרישער „מאמע־ערד", אבער אנשטאט דעם שטויסן זיי זיך אן אויף אויסגעמאטערטע זונות און פארפינצטערטע פרויען, וואס האבן מורא זייערע מענער זאלן ניט „טועם" זיין דעם דארן יצר־הרע, — ס'איז אן איינגעארטיקער באנעמען און ווילן צו עולם־הזה, דורכגעדרונגען מיט א טיפער, מרהשחורהדיקער האפענונגסלאזיקייט און דער איינציקער אויפ־לעב איז דאס פארן משיחן אנטקעגן, אבער ס'איז אויך ניט מער ווי אן איינרעדעניש, אן איינבילדונג צום פארשרייען די האפענונגסלאזיקייט, קולמינירט אין אן עולם־הבא פון א „געשפענסטערפולן חצות־קלאגן" און נאכט־תפילות וועגן דער שכינה אין גלות און אלטער מאמע־ציון.

צווישן די אלע מתים פונעם אלטן מארק וואנדלט ארום דער בדחן. דער בדחן איז דער סימבאל פונעם לעבנס־אומרו, אבער אין דער זעלבער צייט אויך די מוסר־פיגור פונעם יידישן לעבן. ער איז אלע מאל דער לעבעדיקער צווישן דער מחנה מתים, ער ווייסט זייער איבערלעבן און פילן און דעקט אויף דעם חוזק פון זייער זיין. די מתים פעלט דער ווונטש, זיי האבן ניט קיין ווילן, — זיי לעבן אין א דורכווייסדיקער אימפאטענץ. אינעם פערטן אקט רופט אויס דער חסיד, —

„די מאמע האט געהייסן
עפעלעך רייסן...
ס'יידעלע צו קליין!
ס'ביימעלע — צו הויך!
ער האט נישט קיין כוח,
קען נישט דערגרייכן!"

איז אמאל ניט דאס עפעלע דער אויסדרוק פונעם „עץ הדעת", ווי עס ווערט אנגעגעבן אין דער ביבלישער לעגענדע און ס'יידעלע איז צו קליין צו דערגרייכן דאס הויכע ביימעלע. ס'פעלט דער ווילן, דער פשוטער כוח, אבער עס איז דער אבסאלוטער יאוש, ווי ס'דרינגט ארויס פון די ווערטער פונעם ערשטן חוקר, אז —

„טויט און לעבן
אלץ — אומזיסט!"

ווי אויך פונעם ענטפער פונעם צווייטן חוקר —

„נאָר דו ביסט!
מען מוז זיך איינמאָל אונטערגעבן...״

און אַלץ פּאַסט זיך אַריין אין דער פאָרמול, וואָס י. ל. פרץ לייגט

אַריין אינעם מויל פון די נאַכט־מתים, —
„ווען מיר דען קענען?
קענען דען מיר ווען?״

די ווערטער, אייגנטלעך אַ גאַנצע פילאָזאָפישע און פּסיכאָלאָגישע טעזע בעטן זיך ממש אויף אַן אַנאַליז און ווערן דער אויסדרוק פון אַבסאָלוטער אָנמאַכט און האָפענונגסלאָזיקייט. אויס אַזאַ קוקווינקל האָט י. ל. פרץ געזען אַלע געשטאַלטן, וואָס האָבן געהאַט די עובֿדה צו שאַפן און געבן אָנפילונג אַ מאָדערנעם יידישן לעבן. און איז עס דערגרייכט געוואָרן? דער דיכטער זעט בלויז אַ גרויסן עולם־התוהו, אַ בבֿל פון אידייען, וואָס האָבן אנשטאָט ליכט, נאָך מער פאַרפינצטערט דאָס יידישע לעבן. די געשטאַלטן זיינען געקומען צו שפּילן אַ ראָל אינעם יידישן לעבן, געבן דעם אינהאַלט און אָנפילונג, אַרויספירן דאָס לעבן פונעם מיטלאַלטער. די געשטאַלטן זיינען דיכטער, משכּילים, אַרבעטער און מענטשן פון פאַרשיידענע פּאַרטיי־אידעאָלאָגיעס. יעדער איינער פון די געשטאַלטן רעדט מיט זיין שפּראַך, פאַרשיידנאַרטיק אינעם דענקען און פאַרשטיין. דאַכט זיך, אַז די שפּראַך איז איינע און די זעלבע און דאָך פעלט באַהעפטונג און זיי קענען זיך אויך ניט באַהעפטן, ווייל זיי זיינען בוכשטעבלעכע מתים. און זייערע דערקענטעניש און פילאָזאָפיע, זייער חקירה איז אַ מתימדיקע. עס מישן זיך פּעסימיזם און יאוש מיט אָפּטימיזם און פרייד. זאָגט דער צווייטער חסיד „קויהעלעם זאָגט: נאַריש אינגאַנצן... „ענטפערן די חסידים נישט געדעכט: בעסער טאַנצן!״ עס איז התלהבות קעגן חקירה, ווייל חקירה קען פירן צו כפירה, איז טאַקע בעסער ניט טאַנצן, ניט וויסן און זאָגט ביי י. ל. פרצן זיינע ווערטער דער ערשטער חסיד, דערגענצט אים דער צווייטער מיט אַ —

„טאַנצן איז אַ גרויסע זאַך,
טאַנצן האָט די גרויסע מעלה:
כ׳האָב קיין קשיהס, כ׳פרעג קיין שעלות...
און צעפלאַקער אין התפעלות!״
און דער דריטער חסיד, —
„טאַנצן איז אַ גרויסע זאַך!
בהעלותך — פיס געהויבן!
אין בטחון, אינעם גלויבן

אינעם גרויסן התלהבות
ווערן מצוות פון די תאוות...
און צום שלום דער פערטער חסיד:
„טאנצן איז א גרויסע זאך!
אן א ספק! אן א שאלה!
וואס איז „מטה”? וואס איז „מעלה”?
און „ימין”? וואס איז „שמאל”?
אז עס ווינדלט,
אז עס שווינדלט,
טאנצט זיך גוט, טאנצט זיך וויל...”

עס זיינען פיר פאראפראזן, פארשיידנארטיק אין דער חקירה, אינעם פילאזאפישן, פארענדיקט אינעם חוקר, וואס פראקלאמירט „לעבן-ספינקס! טויט איז ספינקס!” אדער אינעם משכיל מיט זיין „פיס געהויבן און געשטעלט! הייסט אריין אין הפקר וועלט” און י. ל. פרץ קומט דא אויף די צוויי פאליוסן פונעם יידישן לעבן, — אויפן חסידישן, וואס האט דאס לעבן געוואלט אויפנעמען ווי א הוילע פרייד, איינברענגען און אנהאלטן די רעליגיעזע התלהבות, וואס שטעלט ניט קיין פראגן און זוכט ניט קיין ענטפערס און דער משכילוזם, וואס האט אריינגעקוועטשט אלעס אין א קאלטן דאגמאטישן ראציאנאליזם, אבער דער בדחן זוכט מער דעם עפיקורעישן מאמענט און ווישט אפ מיט זיין ענטפער דעם טרויער, וואס דער ראציאנאליזם האט אריינגעבראכט אינעם יידישן לעבן. אויף די אלע באהויפטונגען פון די חסידים, חוקר און משכילים גיט ער זיין ענט־פער:

„געטאנצט זאל ווערן, געטאנצט!
ווער האט אין אייך די שרעק פארפלאנצט!?
וואס ציטערט איר פאר מארגנגרוי?
וואשט די קעפ אין פרידן טוי,
באדט אייך אין פרימארגן־גלאנץ!
און טאנצט אריין דעם גרויסן טאנץ
אין גרויסן טאג!

עס איז א טיפישער העלעניסטישער עפיקורעיזם, ווייט פון יידישע מידות, פון דער יידישער דאגמאטיק און מאראלישקייט און י. ל. פרץ האט געלעבט מיטן טרוים אריינצופירן דאס אוניווערסאלע אינעם יידישן לעבן. אוניווערסאליזירן דאס יידישע לעבן, צוגעבן דעם אן אנדער אויסזען, באהעפטן עס מיטן גייסט פון דער אוניווערסאלער קולטור און דענקען, ארויספירן עס פון די דלד אמות פונעם יידישן תחום, עפענען דעם פאלק

א פענצטער אין דער ברייטער וועלט, — עס איז געווען י. ל. פרצעס אפּ־פּיראציע. פונקט ווי פרידריך ניטשע האָט ער געשטרעבט צום „מענטש־לעכן, איבערמענטשלעכן" און אויף דעם שטעלט זיין בדחן פארשיידענע פראגן, ווי —

„ווייניק נאָך אין קברים געליטן?
נישט פארבענקט זיך נאָך צום לעבן?
זאָל ער אייערע קברים פארשיטן,
נייע נשמות אייך געבן, —
אנישט זאָל ווערן געשטריטן"

און דאָ קומט אויך די טיפּיש־פּרצישע דערקענטעניש, אויסגעוויקלט אינעם דיאַלאָג צווישן דעם בדחן און די מתים:

„בדחן: לעבן נעמט מען מיט געוואלד!
פון קראפט
בארויבט אייכן און צעדער אין וואלד.
זינגט און זאמלט צוזאמען
פון אלע גראָזן דעם זאפט...
נעמט ביי דער זון די פלאמען!
ביי ליליען־ווייס, ביי רויזן־רויט!
מתים: מיר זיינען נאָך טויט!
בדחן: פון א נארישן גלויבן פארפירט!
אין וואָס מען גלייבט, עקזיסטירט!
וואָס פארניינט, איז רויך און ווינט!
פארלייקנט דעם טויט, אין לעבן גלייבט
פעסט! און בלייבט!
עס טאָר אייך קיינער ניט שטערן!

„אין וואָס מען גלייבט, עקזיסטירט", — דארף מען עס ניט פאר־גלייכן מיט דעקארטס „איך דענק, אלזאָ לעב איך?", אָדער גאָר מיט הע־געלס טעזע „אלעס, וואָס לעבט איז שכלדיק", אָדער גאָר „יעדע שכלדי־קע זאך לעבט"? י. ל. פרץ פירט אריין אין דער טעזע דעם גלויבן, אָבער ניט ווי א געטלעכע, נאָר ווי א פשוט־מענטשלעכע קאטעגאָריע, מיטן צו־ריקווייזן די נעגאציע־עלעמענטן. גלויבן ווערט ביי אים דער פאזיטיוו, א ממשות, בעת די נעגאציע האָט ניט קיין אינהאלט און איז דער חלל אליין. דעם גלויבן ווידער נעמט ער ניט ווי א דאָגמע, נאָר ווי לעבנס־יש, וואָס זאָל קענען דעם יסוד ניט אינעם סכאלאסטישן, נאָר אינעם העלעניסטישן.

דער בדחן, ווי שוין געזאָגט, איז בלויז א סימבאָלישע פיגור, און דאָך ברענגט ער ארויס דורכויסעדיקן ריינעם רעאליזם, דערצו אן עפּי־

קורעיש־ראַציאָנאַליסטיש. מערקווירדיק איז אויך דער דיאָניסישער און באַקכוס־עלעמענט, וואָס ער ברענגט אַריין, ווען ער איז ממש גוזר, באַ־פעלנדיק, אַז —

„געטאַנצט זאָל ווערן, געטאַנצט! —

פונקט, ווי ער הייסט פאַרלייקענען דעם טויט, ווייל „לעבן נעמט מען מיט געוואַלט!" און רופט צום אָפענעם און אַבסאָלוטן קאַמף, —

„ווער האַלט באַשטאַנד!"

און ווערט ניט מיד צו רופן, אָבער שוין מיט בייזער איראָניע, —

„הער, ווער זייט איר,
ליכט־פאַרשפּרייטער.
אין משיחס טויערן קלאַפּער
צוקונפטס־פליגן כאַפּער,
שלעגער־קעפּ אָן וואַנט, —"

איראָניע גייט איבער אין סאַרקאַזם און סאַטירע, אָבער באַלד קומט ער ווידער אויפן ערנסט פונעם רוף, געווענדט דירעקט צו די, וואָס דאַרפן אויפנעמען דעם קאַמף:

„און איר, דאַך־באַשלעגער, קלעבער
איר, וואָס שטייגט הויך און העכער
מיט מיר אַרויף אויפן דאַך!"

עס איז שוין אַ לעצטער רוף, אָבער אויך שוין די לעצטע אַנטוישונג, — דער בדחן ווערט געשטערט פון דער בלינדער אַרבעטערן, וואָס וואָרנט, —

„קיין קלאַסנקאַמף, נישט אייער זאַך"

און אַזוי בלייבט איינזאַם דער בדחן, בלייבט פאַראייַנזאַמט אין זיין וועקן און רופן, — זיין ראַציאָנעלער און לאָגישער וואָרט דערגרייכט ניט, בלייבט הענגען, ווי אין אַ חלל און דעמאָלט קומט ער צום שלום, אַז עס איז שוין בעסער צו זיין אַליין, בעסער צו גיין אַליין, ווייל די פערזענ־לעכקייט איז פאַרורטיילט צו בלייבן און זיין איינזאַם:

„נו, גיי איך אַליין, בעסער אַליין!"

אָבער עס איז ניט ריכטיק די שטעלונג, אַז י. ל. פּרץ האָט מיט דעם אויסן געווען אינדיווידואַליזירטקייט. דער בדחן, וואָס ברענגט אַרויס די אידייען, געדאַנקען און ווונטשן פונעם דיכטער איז אַבסאָלוט ניט דער פאַריחידישטער יחיד, נאָר די פּערזענלעכקייט, וואָס לעבט מיטן ווונטש און שטרעבונג צו דערהויבן דאָס פאָלק צו אַן אויטענטישן און דינאַמיש־אַקטיוון שאַפנדיקן לעבן, ענלעך צו דעם, ווי דער לעקטאָר זאָגט אינעם

עפּילאָג „מען האָט זיי קיין לעבן קיין נייעם ניט באַשערט", ווייל ווי קע־
נען דען מתים האָבן אַ ווילן. אָט זינגט דאָך דער שיל־מתים־כאָר:

„און ווען אונדז די ערד פאַרדעקן
זאָל געשען דיין ווילן!
מיר וועלן וואַרטן אין שטילן,
ביז דו וועסט וועקן!
זאָל דיין ווילן געשען!

אַבסאָלוטע פּאַסיוויטעט, אָפּהענטיקייט און טויט, — האָפענונג אויף
אַ נס, — אין אַלגעמיין אַבסאָלוטע ווילנלאָזיקייט: „מיר זאָגן זיך אָפּ,
פון אַלעם אָפּ", זאָגן די מתים. און וואָס קען מען פאַרלאַנגען פון מתים?
דאָ דערפאַרט דער בדחן, אַז ער האָט „איבערגעכאַפּט די מאָס" און ער,
דער, וואָס האָט אַליין אַרויסגערופן די קלעזמער צום „אַ מאַרש געשפּילט
צום גרויסן געפּעכטס!" ווערט אַליין אויך אַנטוישט און רעזיגנירט אַנערקע־
נענדיק „געזינדיקט שווער, — כ'וועל נישט מער..." און ווידער וועט ווי־
טער זיך ציען די קייט און דאָס טויטנלעבן וועט וועלקן צווישן דער רע־
זיגנאַציע פונעם פרוש מיט זיין פילאָזאָפיע פון „נאַריש, נאַריש אַלץ און
איידל, נאַריש אַלץ מיט אַנאַנד" און דעם אייביק־שטרעבנדיקן וואַנדערער
מיט זיין וויזיע, אַז

„אין מזרח־ראַנד
שאַפט אַ פאַרבאָרגענע האַנט..."

און אַזוי קומען ווידער אויף ביים דיכטער די צוויי פילאָזאָפיעס,
וואָס באַהערשן דאָס לעבן, ביידע יחידישע, אָבער בעת די איינע איז אַב־
סאָלוטער פּעסימיזם, איז אין דער צווייטער דאָך פאַראַן אַ שמץ פון האָ־
פענונג און גלויבן, אָבער די צווייטע פילאָזאָפיע האַלט אָן בלויז אָן
אויגנבליק, ביזן מאָמענט ווען ס'קומט אַרויף דאָס פּראָבלעם פון ציל. דער
וואַנדערערס גלויבן איז, אַז, —

„אַ נייער טאָג ווערט אויסגעוועבט!"
און ער זאָגט אָן אַ האָפענונג, אַז, —
„עס וועקט זיך אַ נייער קלאַנג,
עס שפּינט זיך אַ נייער פאַרלאַנג..."

בעת פאַרן פרוש איז שוין פאַראַן ניט קיין גלויבן און ניט קיין האָפע־
נונג. דער פרוש איז דער צייכן און רעאַליטעט פון אַן אַבסאָלוטן פּעסי־
מיזם, פאַר אים איז, —

„עס ווערט נאַכט, און עס טאָגט...
נאַריש איז אויב עמעץ זאָגט
ער האָט אַ נייעם דערלעבט!"

עס איז די אבסאָלוטע רעזיגנאַציע, פאָרמולירט אין א

„וועסט קיין נייעס נישט זען:
זיין וועט דאָס, וואָס איז געווען,"

און דעם פרושס קראַפט איז שטאַרקערער פון דער פונעם וואַנדערער, אינעם וואַנדערערס האַרץ איז פאַראַן בענקשאַפט, און הגם, —

„עפּעס אין האַרץ דאָך בליט!
עפּעס טרייבט דאָך און עפּעס ציט
אָן א האַלט",

ווערט ער דאָך צעשראָקן פונעם פרושעס ווערטער און באַשטייט ניט דעם נסיון, און ווערט אַליין אויפגעלייזט אינעם אָפּפרעגן: „ווו איז צוועק, ווו איז ציל?" דעם ענטפער זוכט ער ביים פרוש, וואָס ווייסט צו ענט־פערן מיט א בלויזן „ניין!", ווייל אויך ער, דער פרוש, ווייסט ניט, ווו איז צוועק און ווו איז ציל, — ביידע זיינען אויפן זעלבן שיידוועג, ביידע לעבן אין דער זעלבער פאַרצווייפלונג און דאָ זעט ניט דער בדחן קיין אַנדער אויסוועג, ווי טרייבן די מתים צוריק „אין שול אריין!... „אין שיל..." ווייל אַלע מתים האָבן אנגסט פאַרן „אויס נאַכט! אויס נאַכט!" און וואָס טוען דען מתים, ווען זיי שטייען אויף אין דער נאַכט פון זייערע קברים? לויט דער יידישער מסורה גייען זיי אין שיל אריין, אָבער קוים הויבט אָן צו טאָגן לויפן זיי גלייך ווידער אין זייערע קברים, מעלדנדיק זייער „מיר זאָגן זיך אָפּ, פון אַלעס אָפּ!" טאַקע ווייל מתים האָבן ניט דעם פאַרלאַנג צו טאָג-ליכט, זיי האָבן גאָר מורא פאַרן טאָג. אין אַזא שיין האָט אויך י. ל. פרץ געזען די יידישע עדה און האָט איר אָנגעוויזן איר אָרט, ווייל זי איז נאָך ניט ראוה און איז נאָך ניט דערוואַקסן צו באַ־העפטן זיך מיטן גרויסן ליכט, וואָס רופט צו אַנדערע, גרעסערע און דער־הויבנדיקע וועלטן פון גייסט און שאַפונג־פּאָטענץ. און דאָ קומט מען אויך אויף דער אינטערפּרעטאַציע פון י. ל. פרצעס „אין שיל אריין!", עס איז שלעכט פאַרשטאַנען און ניט ריכטיק אינטערפּרעטירט, אַז י. ל. פרץ האָט גערופן צוריק אין שיל אריין, — עס איז געווען זיין אַנטוישונג אינעם יידישן לעבן און זיין און אין דער אַנטוישונג וואָס איז אויך זיין גרויסער פּראָטעסט, האָט ער אָנגעוויזן, אַז דאָס פאָלק איז נאָך ניט גע־קומען צו א מדרגה פון לעבעדיקע מענטשן, מסוגל צו צעשטערן א גדר און אַרויס פון תחום, פון וועלכן עס טראָגט מיט מיטלאַלטער שימל און בוכשטעבלעכן טויט.

*
**

„די גאָלדענע קייט", „אין פּאָליש אויף דער קייט" און „ביינאַכט אויף דעם אַלטן מאַרק" איז אַ ריכטיקער „ספר היחוסין" און י. ל. פּרץ זאָל זיך ווי געוועזן האָבן געשטעלט אַן אויפגאַבע צו מאַכן אַ קאַרדינאַלע רעוויזיע אינעם ייִדישן לעבן און זיין אינעם שטייגער פון עוואָלוציע. „די גאָלדענע קייט" איז די געשיכטע פון דער ייִדישער יחוס־משפחה, פון דער ייִדישער רעליגיעזער גייסטיקייט, פון רעליגיעזע מנהיגים און זייער גיין צו דעקאַדענץ; „אין פּאָליש אויף דער קייט" איז די געשיכטע פונעם יחיד און זיין ניט פאַרשטאַנען ווערן פון דער מאַסע. י. ל. פּרץ וועבט עס אויף דער קאַנווע פון ראָמאַנטיזם, ווייל נאָר אַ דאַנק דעם קען ער אַרויסברענגען די פאַרשיידענע ניואַנסן פון פּסיכאָלאָגיע און איבערלע־בונג, — יחיד ווערט דאָ אַוועקגעשטעלט צווישן צוויי עלעמענטן, פון איין זייט, דער בירגערלעך־באַלעבאָסלדיקער, פאַרמעגלעכער מענטש און דער קלער און פון דער צווייטער זייט די מאַסע און אויב די ערשטע יאָגן דעם יחיד, ווייל ער איז דערהויבענער און שענער אין זיין נשמה־פילן, נעמט אים ניט אויף אויך די מאַסע און אויב זי איז יאָ גרייט אים אויפצונע־מען, איז עס בלויז צוליב אירע אוטיליטאַרע צוועקן: די מאַסע וויל האָבן דעם יחיד פּשוט ווי אַ געווער אין אירע הענט קעגן דעם אין וועמען זי פילט איר שונא און אויסנוצער. אין „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" האָט שוין דאָס וואָרט די מאַסע אין איר גאַנצער דיפערענצירטקייט, רעליגיעז, סאָציאַל און פּאָליטיש, אַרויסגעבראַכט אין איר עלעמענטאַרער גשמיות־דיקייט און נעבעכדיקער רוחניותדיקייט, אין איר פילן און דענקען, אין אירע אידייען און טאַט און י. ל. פּרץ קען זי ניט זען אַנדערש, ווי אַ גרויסן „ניהיל", וואָס האָט נאָך ניט געפונען פאַר זיך אַ ריכטיקן תיקון, וואָס האָט זיך נאָך ניט אויפגעבינדן אין דער פּאָטענציאַליטעט פון אירע כוחות.

עס איז דער זין פון דער טרילאָגיע, וואָס דאַרף באַטראַכט ווערן ניט ווי אַ דראַמאַטיש ווערק פאַר אַ טעאַטער־שפּיל, — י. ל. פּרץ האָט זיך בלויז באַנוצט מיט דער פאָרעם און סטיל פונעם דיאַלאָג, ווייל ער האָט געוואָלט פאַרשטעלן די אַלע פּערסאָנאַזשן, וואָס שאַפן דעם עיקר און עצם פונעם ייִדישן לעבן, די אַלע, וואָס פּרעזענטירן דאָס פאָלק, אָבער אין תוך האָט י. ל. פּרץ געגעבן אין זיינע דראַמען די רעליגיעזע, סאָציאַלע און פּאָליטישע געשיכטע פונעם פאָלק זינט עס איז געקומען צו זיין אַ רעליגיעזן באַוווּסטזיין, דורך זיינע אויסגעוויקלטע פאָרמען פון סאָציאַלע פאַרהעלטעניש, קולטורעל־דענקערישער אויפנעמונג און פּאָליטישע אי־דייען.

דערביי שפּיגלט ער אָפּ אַלע ניואַנסן פון דער ייִדישער אַנטוויקלונג: די ייִדישע מיסטיק און דער ייִדישער סימבאָליזם, די ייִדישע ראָמאַנטיק און דער ייִדישער ראַציאָנאַליזם, סיי אין זיין משכּיליסטישער פאָרם, סיי אין זיין סאָציאַל־פּאָליטישער, די עוואָלוציע פון דער ייִדישער עדה אין

אירע סאָציאַלע און פּאָליטישע גלידערונגען, די טראַדיציע און דער פאָראורטייל, איבערהויפּט אַלעס, וואָס קומט צום אויסדרוק ביי אַ פאָלק, אָבער וואָס איז נאָך פאַרלויפיק געבליבן שטעקן אינעם פאָלקסטימלעכן און ניט דערגרייכט אַ העכערע שטופע פון דענקען. און פּונקט ווי י. ל. פּרץ וויקלט עס איין אין אַ סאָציאַלער פאָרם, קליידט ער עס אויך אין אַ פילאָזאָפישן כאַראַקטער, אונטערשטרייכנדיק דעם תמצית פון אַ זיין, וואָס דאַרף ערשט קומען צו זיין ווערן. אויס דעם טאָקע שטעלן פאָר י. ל. פּרצעס דראַמען יידישע קולטור־געשיכטע און ניט נאָר אַ טעאַטער־שפּיל פון פּערסאָנאַזשן: י. ל. פּרצעס דראַמען זיינען יידישע קולטור־געשיכטע, דיאַלאָגירט אין פּערסאָנאַזשן, וואָס שטעלן פאָר דעם קלאַסנבאַשטאַנד פונעם פאָלק. אין אַזאַ שטייגער מוז מען באַטראַכטן זיין דראַמאַטישן שאַפן און דעמאָלט ווערט קלאָר, אַז דער שלום פונעם „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" איז ניט אַ רעאַקציע פון „צוריק אין שול אַריין", נאָר עס איז די רעוואָלוציע פונעם יידישן פילאָזאָפיש־סאָציאַלן דענקען, וואָס באַנוגנט זיך שוין ניט מער מיט דער תחומישער פאָרם, נאָר שטרעבט צום אוניווערסאַלן, עס הייסט אויסברייטערן די האָריזאָנטן פונעם יידישן זיין, באַהעפטנדיק דאָס פאָלקישע מיטן וועלטלעכן. י. ל. פּרץ האָט עס נאָך ניט געפונען אינעם יידישן לעבן, דעריבער איז זיין „צוריק אין שול אַריין" געווען ניט אַ רוף צו דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר דער אַבסאָלוטער אויסדרוק, פון פאַרצווייפלונג און סקעפּטישקייט, אַרויסגעדרונגען פון דעם צי אַ פאָלק, וואָס איז נאָך ענלעך צו מתים, וועט ווען עס איז זיך אַרויסרייסן פון די ד' אמות פון תהום, פון די פיר ווענט פון דער שיל און אַרויסגיין אויף ברייטע און ליכטיקע וועגן פון אַ נייעם ווערן צו געבן אַ נייע אָנפילונג און אוניווערסאַליזירן זיין נאַציאָנאַלן דאָזיין און לעבן. י. ל. פּרץ האָט עס געזען אין אַ ליכט סיי פון דער רעאַליטעט, סיי פון זיין אייגענער חקירה, פון זיין אייגענעם מחשבותן, און, אַליין אָנמעכטיק צו קערעווען און ריכטן די ראָד פון דער געשיכטע. אַליין הילפלאָז אָנצוּווייזן אין וואָס ס'דאַרף באַשטיין דער תיקון און ווי אַזוי ס'וועט קומען דער תיקון, איז עס ביי אים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פילאָזאָפיע פון דער יידישער טראַגעדיע, אויסגעדיכטעט פון אַ יידישן פּראָמעטעוס, וואָס האָט ממש ביי די געטער אַרויסגעריסן דאָס פייער פון אַ באַפרייענדיקן רענעסאַנס, אָבער דאָס פאָלק באַגרייפט עס נאָך ניט, ווייל ס'פעלט נאָך באַוווּסטזיין און דערקענטעניש פאַרן אייגענעם אָן־תחומישן אוניווערסאַלנאַציאָנאַלן זיין און ווערן.

# אינהאַלט-פאַרצייכעניש

